וואַסערע מיטלען דערגרייכט ער זיין ציל: טונקעלע פלאַכן, וואָס האָבן לחלוטין ניט דעם טיפּישן כאַראַקטער פון לייכט-דורכזיכטיקער אַקוואַרעל, באַדעקט מיט אומעטיקע, ברוינע, שווערע טענער, און פון זיי שטעכן אַרויס די ווייסע פּיקעס פון קאָזאַקן אויף פערד, טויט-גרינע פנימער פון די געהרגעטע, רויטער פלאַקער פון ברענענדי-קע שולן... און אדאנק דער גרויסער קינסטלערישער קראַפט, וואָס האָט אויסגעפורעמט די אַלע דעטאַלן, ווערט אַזוי שאַרף און שטארק דער אינערלעכער אויסדרוק פון דער איבערלעבעניש; דאָס אַכזריותדיקע און דערהויבע-נע, דאָס חיהש-נאַרישע און העלדישע דרינגען אַריין אין יעדערן, וואָס זעט די דאָזיקע בילדער. מיט אַ שטרענגער און גוואַלדיקער קראַפט נעמען זיי אַרום די פאַרצווייפלטע נשמה — און אומגלויבלעך, זינלאָז ווערט דער פּאָ-גראָם. דורך צייכענונג און מאָלעריי איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ מענטשלעכער דאָקומענט פון אונדזער צייט, וואָס גייט אַרויס אין זיין באַטייט ווייט איבער די גרענעצן פון אונדזער תקופה. מיט זיינע בילדער, געשאַפן ביי אַזעלכע אומשטאַנדן, ווערט ריבאַק לעגיטימירט אַלס קינסטלער".

רעדנדיק ווייטער וועגן די אַנדערע בילדער און צייכענונגען, די אַבסטראַקטע און ריין-קוביסטישע, שרייבט אַרנאָלד צווייג, אַז הגם זיי זיינען געמאַכט מיט גרויס געשמאַק און זיינען האַרמאָניש אין זייערע פאַרבן, אָבער דאָס איז מער אַ קונסט-שפּיל, ווי אַ שאַפונג, וואָס קומט ווי אַן אויסדרוק פון נשמה-געפילן. „מיר האָבן אָבער דאָס רעכט צו פאָדערן פון אַ בילד עפּעס מער. און מיר וואָרענען ריבאַקן פאַרן דאָזיקן וועג פון אַבסט-ראַקטער מאָלעריי... זי איז אפשר נויטיק, ווי אַן איבערגאַנג, אָבער קיין שום אמתער מאָלער טאָר ביי איר ניט פאַרבלייבן, אויב ער וויל ניט געשטעלט ווערן אין אַ סכנה פון גייסטרייך פאַרשפּילן זיך אין דעם שפּיל און ווערן סוף-כל-סוף אומפּרוכטבאַר. ריבאַק איז אַן אמתדיקער מאָלער. צי וועט ער אָבער האָבן דעם כוח צו פאַר-לאָזן צו דער ריכטיקער צייט די פאַרפירערישע עקספּערימענטן פון אַבסטראַקציע און זיך אומקערן צו אמתן מהות פון מאָלעריי? מיר האָפן זייער, אַז יאָ. דער שטאַרקער טאַלאַנט דערהערט תמיד דעם קלאָרן קול, וואָס קומט אַרויס פון דער טיפעניש פון נשמה און זאָגט אונטער דעם ריכטיקן וועג".

די מורא, אַז ריבאַקס טאַלאַנט זאָל ניט פאַרגליווערט ווערן אינם אייז פון אַבסטראַקציע, איז געווען אַן אומזיסטע. ריבאַק איז אַוועק אויפן וועג, אויף וועלכן עס האָט אים גערופן זיין אינסטינקט און זיין טאַלאַנט.

א ין 1924 איז ריבאַק פאַרבעטן געוואָרן קיין מאָסקווע פונם יידישן מלוכה-טעאַטער אין ווייסרוסלאַנד, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט רעזשיסער ראַפּאַלסקי, צו מאָלן דעקאָראַציעס פאַר פּרצעס „אין פּאָליש אויף דער קייט". מיט ענטוזיאַזם האָט ער אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. פול מיט האָפענונגען און אין אַ גע-הויבענער שטימונג האָבן מיר איינגעפּאַקט די טשעמאָדאַנעס און זיך געלאָזט אין וועג צום אַלט-נייעם לאַנד. מיט אַ געוויסן נייגעריקן אומרו האָט זיך ריבאַק דערנענטערט צו ראַטן-רוסלאַנד: וואָס און ווי האָט זיך דאָרטן פאַר די פיר יאָר, וואָס ער איז ניט געווען, געענדערט? ווי וועט ער זיך דאָרטן פילן נאָך די עטלעכע יאָר אין אויסלאַנד,

ווו ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן איינלעבן אין גאַנץ אַנדערע קולטור-תּנאָים? אָבער ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ וואַרעמען ברוך-הבא און האָט זיך באַגייסטערט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען אַן אָנגענעמע, די באַציונג מצד די אַלטע פריינט און חברים אַ גוטע. צו 10 — 12 שעה פלעגט ער אָפּזיצן אין אַטעליע. זיין אָרגאַנישער געפיל פאַר טעאַטראַלער קונסט האָט געפונען אַ גלענצנדיקן אויסדרוק אין דעם מאַקעט פון אַ יידישער שול, וואָס ער האָט געמאַכט, מיט די סימבאָלישע אותיות „פּ. נ." אויפן שפּיץ. דער מאַקעט איז געווען אויסגעהאַלטן אין אַ גראָטעסק-רעאַליסטישן גייסט, אין וועלכן ראַפּאַלסקי האָט געשטעלט די פּיעסע. אגב, האָט דאָ ריבאַק צום ערשטן מאָל באַנוצט אַ נייעם פאַר דער סצענע מאַטעריאַל — ציִן. אין זיינע סקיצן פון די פּערסאָנאַזשן פאַר דער פאָרשטעלונג האָט ער ווידער געגעבן אַ גאַלעריע טיפּן פונם אַלטן יידישן שטעטל: בעטלער און קבצנים, גראָב-בייכיקע באַלעבאַטים, דעם רב-דעם זקן, וואָס קוים ער האַלט זיך, פלינקע אָון טומלדיקע חתונה-כלי-זמר און אויסגעדייוועטע, האַלב-געבראָכענע בעלי-מלאכות. ער האָט באַוויזן דעם גאַנצן בנין פון יידישן געטאָ, אַ שטאָק אויף אַ שטאָק. אַ בוידעם אויף אַ בוידעם — אַ בנין, וואָס האַלט זיך מיט נסים און ווו יעדער דראַנג צום לעבן ווערט פאַרשריען ווי אַפּיקורסות.

די צייט, וואָס ריבאַק האָט פאַרבראַכט אין ראַטן-רוסלאַנד, דעצעמבער 1924 — פעברואַר 1926, איז געווען פון די סאַמע פרוכטבאַרסטע אין זיין לעבן. קוים פאַרענדיקט מיט ראַפּאַלסקין פּרצעס פאָרשטעלונג, פאָרט ער שוין קיין כאַרקאָוו, ווו זיינע חברים פון דער קיעווער טעאַטער-סטודיע פון 1917 האָבן אויפגעבויט דעם יידישן מלוכה-טעאַטער אין אוקראַינע, אונטער דער אָנפירונג פון אפרים לויטער. ער באַקומט דעם אויפטראָג צו מאַכן דעקאָראַציעס פאַר צוויי פאָרשטעלונגען: „פּורים-שפּיל" און „אין ברען", אַ פּיעסע פון דער צייט פון בירגער-קריג. באַזונדערס האָבן זיך אים איינגעגעבן די דעקאָראַציעס צום „פּורים-שפּיל", ווו ער האָט אין דער פולער מאָס אַנטפּלעקט זיין געבוירענעם הומאָר און זיין שטאַרקן געפיל פאַר פאַרבן. די קאָלאָריט-רייכע סקיצן פון זיינע פּורים-שפּילער זיינען שפּעטער געווען אויסגעשטעלט אויף עטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע טעאַטער-אויסשטעלונגען און געפינען זיך איצט אין פאַרשיידענע טעאַטער-מוזייען — אין ווין, אין ניו-יאָרק (ביים אַזוי גער. „פראַנצוויזישן אינסטיטוט") און נאָך אַנדערע.

קוים פאַרטיק געוואָרן מיט די דערמאָנטע אַרבעטן, האָט זיך ריבאַק אַוועקגעלאָזט אויף אַ רייזע איבער די ניי-אויפגעקומענע יידישע קאָלאָניעס אין אוקראַינע און קרים, כדי מיט די אייגענע אויגן צו זען, ווי אַזוי האָבן זיך די יידן — זיינע אַמאָליקע יידן — באַזעצט אויף ערד. דער רושם איז געווען אַ גוואַלדיקער. אַ קינד פון זיין פאָלק, האָט ריבאַק אינאיינעם מיטן פאָלק איבערגעלעבט זיינע צרות און פרייד אין די גרויסע געשעענישן פון די לעצטע יאָרן אין רוסלאַנד. און ווי ס'האָט נאָר אַ שיין געטאָן אַ שטראַל האָפענונג, ווען דעקלאַסירטע, פאַראָרימטע און פאַרחושכטע שטעטלשע יידן האָבן זיך גענומען צום אַקער אויפן ברייטן זוניקן פעלד, — איז ריבאַק אַהין אַוועק, נייגעריק צו די נייע פאָרמען פון יידישן שטייגער. דריי חדשים האָט ער אַרומגעוואַנ-

דערט איבער די יידישע קאָלאָניעס, געצייכנט און געמאָלט. דער אַלבאָם „אויף די יידישע פעלדער פון אוקראַינע“, וואָס איז דערשינען אין פּאַריז 1926, איז געווען דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער נסיעה.

אָט וואָס ריבאַק אַליין שרייבט אין זיין הקדמה צו די בילדער פונם אַלבאָם: „אָפט פלעגן צו מיר מיינע פריינט זאָגן: אָט, גיט אַ פאָר טאַקע איר, ריבאַק, וואָס קענט נאָר דעם איינגעהויקערטן, קליינשטעטלדיקן, בלאַסן יידן, דעם הענדלער, מעקלער, סוחרל; לאָזט זיך אַראָפּ אַהין, אין די כערסאָנער סטעפּן, ווו יידן האָבן דערפילט די ערד, — און איר וועט פאַרגעסן די הויקערס און די בלאַסע פּנימער, איר וועט זען אַ נייעם, געזונטן שטאָלצן יידן“. עס האָט זיך מיר תחילת טאַקע ניט געגלויבט אין די נסים, וואָס איך האָב געהערט דערציילן, און עס האָט זיך מיר געגלוסט אַליין מיט מיינע אויגן זען, מיט מיינע הענט ממש אַ טאַפּ טאָן אָט דעם נייעם יידן, דעם פּויער, וואָס גייט מיט געזאַנג אין פעלד און האָט פאַרגעסן אין זיין מסחר און קלייטל. און איך האָב טאַקע געזען אָט דעם שוואַרץ-פאַרברענטן יידן. די זון באַקט דאָ אַנדערש און געטרייער, ווי אומעטום, ווייל די זון איז דאָ עפּעס ווי ביי זיך אין דער היים, די זון האָט ליב דעם סטעפּ. עס דוכט זיך, אַז די זון, פון וועלכער דער ייד האָט זיך אַלע יאָרן אויסגעבאַהאַלטן, האָט אים איצט געפּאַקט דאָ, אויפן סטעפּ, און האָט זיך אָפּגערעכנט מיט אים פאַר אַלע יאָרן. פאַר מיר — אַ קינסטלער, וואָס האָט פון קינדווייז אָן געזען ארום זיך קליינשטעטלדיקע, אויסגעדאַרטע, פאַרזאָרגטע, מאַט-בלאַסע פּנימער, — זיינען אָט די שוואַרץ-פאַרברענטע, פון דעם סטעפּ-ווינט אָפּגעפרישטע, שטאָלצע יידישע פּויערים געווען אַ באַזונדער פרייד — מיר זיינען צוגעקומען נייע פאַרבן“.

די קריטיקער, וואָס האָבן געזען אָט דאָס בוך פון זאַנגען און פרייד, האָבן אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק: מיט ריבאַקן איז געשען אויף די פעלדער פון אוקראַינע אַ נס. אָנהויב 1926 איז ער צוריק געקומען קיין פּאַריז, פאַרברענט פון דער אוקראַיניש-קרימער זון און אָנגעזאַפּט מיט דער קראַפט פון זוניקע סטעפּן. אויף זיינע לייוונטן הויבן אָן אויפבליען גאָלדענע וואַרעמע פאַרבן און עס באַווייזן זיך אומגעוויינטלעכע פאַר אים סיוזשעטן: אַקער-פעלדער, פערד, בהמות, אייזעלעך, עופות וכדומה, אַמאָל נאָך בחברותא מיט איינגעהויקערטע פערסאָנאַזשן און אָפּטער אָן זיי. אמת, דאָס זיינען שוין פעלדער פראַנצויזישע, האָריזאָנטן פרעמדע, געסלעך ניט-יידישע. אָבער אויף די אַלע בילדער איז אויסגעגאָסן אַ היימישער טרויער: מענטשלעך קוקן אויף אונדז פון זיינע בילדער די אייזעלעך, פאַרחלומט וועגן דער ווייטער היים. פאַרחלומט קוקן אויך די פרעמדע האָריזאָנטן.

אַ טיפע בענקעניש האָט געגנאָגט ריבאַקס האַרץ די גאַנצע צייט פון זיין גלות-וואַנדערונג; ער האָט געפילט די אָפּגעריסנקייט פון אַן אייגענעם פעסטן באָדן. „שאַפן אין אַ לופט-פוסטן רוים“ — פלעגט ער באַמערקן מיט אַ שטילן זיפץ. דאָס איז געווען זיין טיפער ווייטאָג, וואָס ער האָט געטראָגן באַהאַלטן אין זיך און פון וועלכן ער האָט געזוכט זיך צו ראַטעווען אין דער שיכרות פון ריינער מאָלעריי, אין די פּראָבלעמען פון



ריבאַק ביי דער אַרבעט אין אַ דאָרף לעבן פּאַריז

קונסט. דער באַקאַנטער פראַנצויזישער קונסט-קריטיקער ראַימאָן קאָניא זאָגט וועגן אים: „פאַר ריבאַקן איז די קונסט געווען דער איינציקער זינען און די באַרעכטיקונג פון זיין לעבן. קונסט איז געווען זיין פּיין און פרייד. און עס קען זיין, אַז די דאָזיקע קראַפט און ליידנשאַפט האָבן אים, ווי אַן אינעווייניקסטער פייער, אויפגעגעסן".

די לעצטע צען יאָר פון ריבאַקס לעבן אין פּאַריז זיינען געווען אַ לאַנגזאַמער, אָבער זיכערער אויפשטייג. שטופּע נאָך שטופּע האָט ער געזיגט אין דעם ניט לייכטן קאַמף פון אַ קינסטלער מיט דער פאָרם און פאַרב — אַ כסדרדיקע ראַנגלעניש פאַר יעדן ערנסטן קינסטלער. דערפאַר ווי פריידיק איז דער נצחון, די דערגרייכונג! אין דעם וועלט-קעסל פון פּאַריז, ווו עס ווערן אויסגעשמידט די נייע קינסטלערישע ריכטונגען און אויסגעפורעמט די שטאַרקסטע קינסטלערישע פּערזענלעכקייטן, און ווו עס איז אַזוי לייכט צו ווערן

צעשמאַלצן צווישן דער גרויסער מחנה אינטערנאַציאָנאַלע טאַלאַנטן, זוכט ריבאַק און געפינט ד ע ם  וו ע ג  צ ו  ז י ך. זיין אייגנאַרטיקייט ווערט גלייך באַמערקט: זיינע אויסשטעלונגען ציען צו די אויפמערקזאַמקייט פון די גרויסע קונסט-קענער, און ער פאַרנעמט אין דער קינסטלערישער וועלט אַן אָנגעזעענעם אָרט.

זיין אָפיציעלע באַגעגעניש מיט די פאַריזער קונסט-קרייזן איז געווען אין 1928, בעת זיין ערשטער אויסשטעלונג אין דער באַקאַנטער קונסט-גאַלעריע „אַ קאַטר שמען", ווו עס ווערט אויסגעשטעלט אַלץ, וואָס איז נײַ און אָריגינעל אויפן קונסט-רומל פון פאַריז. ריבאַק שטעלט דאָ אויס זיינע צייכענונגען פון שטעטל און פון די יידישע פעלדער און ווערט גלייך באַקאַנט אין דער ניט-יידישער וועלט, ווי אַ  י י ד י ש ע ר  קינסטלער — ניט אַזוי דורך יידישע  ס י ו ז ש ע ט ן, ווי דורך זיין ספּעציפישן  צ ו ג אַ נ ג  צו דער פאָרם און פאַרב. אינם זעלביקן יאָר האָט ריבאַק שוין אַ סך אַ גרעסערע אויסשטעלונג אין אַ גאַלעריע אויף מאָנפּאַרנאַס, ווו ער שטעלט אויס  ביי 40 אייל-בילדער און אַקוואַרעלן. די  דאָזיקע אויסשטעלונג האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעסאַנטע ביז גאָר פּאָלעמיק אין דער פראַנצויזישער קונסט-פרעסע און אין די קונסט-קרייזן וועגן יידישער קונסט און וועגן דער ראָלע און דעם טעמפּעראַמענט פון יידן-קינסטלער. אייניקע האָבן געטענהט, אַז יידן, וואָס האָבן זיך אין משך פון יאָרהונדערטער ניט פאַרנומען מיט ריינער מאָלעריי, האָבן אָנגעזאַפּט אין זיך  אוצרות פון קינסטלעריש ניט אויסגעלעבטער קראַפט און זיינען דעריבער אַזוי פריש און אָריגינעל, ווען זיי קומען צום מאָלערישן אויסדרוק; מען האָט זיך אַרומגעזען און געמאַכט אַ חשבון-הנפש, אַז כמעט די גאַנצע קרוין פון דער יונגער „פראַנצויזישער" מאָלעריי באַשטייט פון יידן, דאָס רוב געקומענע פון פרעמדע לענדער, — פּאַסקין, מאָדיליאַני, סוטין, שאַגאַל, קיסלינג און נאָך און נאָך. פון דער  צווייטער זייט האָט מען אויפגעהויבן אַ ויצעקו: „יהודים עליך!" — יידן האָבן פאַרכאַפּט אויך די קונסט און  גראָבן אונטער די ריינע טראַדיציעס פון דער לאַטיינישער פאָרם מיט זייער ביטול צו די אַלטע קונסט-טראַדיציעס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַט. אַנדערע ווידער האָבן אָנגעוויזן, אַז דורך זייער בלוט-שטראָמענדיקן, פּולסירנדיקן טעמפּעראַמענט האָבן יידן אויפגעלעבט די פאָרמען פון מאָדערנער קונסט, וואָס האָבן געהאַלטן ביי דעקאַדאַנס און ירידה.

בעת-מעשה איז זיך ריבאַק געזעסן שטיל און רויק אין זיין אַטעליע, פאַרטאָן אין דער אַרבעט, און זעלטן באַווייזט ער זיך אין די קונסט-סאַלאָנען, ווו ער איז שטענדיק אַ געוווּנטשענער גאַסט. זיינע פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער קינסטלערישער וועלט ווערן וואָס ווייטער אַלץ ענגער. לויטן פאָרשלאַג  פון אַ  האָלענדישן קונסט-הענדלער אָרדנט ער איין, אין 1930 און 1931, זיינע אויסשטעלונגען אין האַאַג און ראָטערדאַם, אין 1932 האָט ער אויסגעשטעלט אין בריסל און אַנטווערפּן. דורך  אַ קונסט-קאָלעקציאָנער אין פילאַדעלפיע ווערט ער באַקאַנט אויך אין אַמעריקע.

אין יענער צייט פאַרבענקט זיך ריבאַק נאָכן בליישטיפט. ער פאַראינטערעסירט זיך מיט דער טעכניק פון ראַדירונג און שאַפט אַ וווּנדערבאַרע סעריע צייכענונגען, וואָס איז אין 1932 דערשינען אין אַ לוקסוס-אויסגאַבע,

אונטערן נאמען „אין שאטן פון פארגאנגענהייט”. דער באוווסטער פראנצויזישער פאעט גיוסטאוו קאן האט צו די 12 בלעטער פון די ראדירונגען אנגעשריבן א הקדמה, ווידער וועגן דעם יידישן שטייגער אין שטעטל. גרויס איז שוין דער חילוק צווישן „דאס שטעטל” פון בערלין און דעם פאריזער „אין שאטן פון פארגאנגענהייט”: די פארם איז איצט א סך ראפינירטער, צארטער, דין, ווי שפינוועב, וואס נעמט זיך דער עיקר פון דער עצם טעכניק פון ראדירונג. דאס בערלינער „שטעטל” איז נאך ווי רוי-ערד, אן אוממיטלבארער אויסדרוק פון די קינדער-זכרונות; דער פאריזער ריבאק אבער געפינט זיך שוין אונטער דער השפעה פון מערב-אייראפעישער ראדירונג; די טעכניק איז פארפיינערט, און אייניקע צייכענונגען דערהויבן זיך צו אמתע מייסטערווערק אויף דעם געביט.

ווען מען קוקט זיך צו אויפמערקזאם צו זיינע בילדער פון דער פאריזער תקופה, זעט מען קלאר, אז ריבאק האט זיך אזוי ווי אינערלעך באוויקט, פארטיפט אין ריין-מאלערישע פראבלעמען. די פראנצויזישע קריטיק מערקט דאס און ווייזט אן, אז דאס איז די גוטע און געזונטע השפעה פונם שטילן און לויטערן פראנצויזישן פייזאזש און פון די גרויסע פאדערונגען, וואס פראנקרייך שטעלט דעם קינסטלער. אבער מיט אט דעם איינגעזאפטן האניק פון דער רייכער פראנצויזישער קונסט-בליונג חלומט ריבאק זיינעם אן אלטן קינדער-חלום: צו שאפן ענדלעך גרויסע, מאנומענטאלע קאמפאזיציעס — א מין פרעסקן-מאלעריי, באשטימט פאר מוזייען און עפנטלעכע געביידעס, ווו גרויסע מאסן זאלן זיי קענען געניסן, און ניט פאר די ווענט פון פריוואטע ליבהאבער. אבער עס איז ניט געווען באשערט זיין חלום זאל מקויים ווערן; נאר פיר גרויסע פאנאס זיינען פארבליבן, ווי א זכר פון דעם טרוים, און לאזן פארפילן זיין פארנעם און זיין השיבות.

דער אלטער חלום פון זיין לעבן — אריינצוברענגען שיינקייט און קונסט אין די ברייטערע יידישע מאסן, וועלכער האט אים געצויגן אינסטינקטיוו צום טעאטער, צו ראדירונגען, האט אים אויך געבראכט, אינם לעצטן עטאפ פון זיין קורץ לעבן, צו דעם נייעם אויפטו, פאר וועלכן ער האט אפגעגעבן זיינע לעצטע צוויי יאר, — צו דער יידישער ק ע ר א מ י ק . דא האט ווידער-אמאל אויפגעבליט זיין אלטע פארליבטקייט אין דעם יידישן פאלקס-קונסט-ארנאמענט, זיין נטיה אויסצונוצן די אומדערשעפלעכע און ניט אויסגענוצטע אוצרות, וואס ליגן פארבארגן ביי יידן, פונקט ווי ביי אלע אנדערע פעלקער, אין די טיפענישן פון פאלקס-שאפן, און ארויסברענגען זיי אין א קינסטלערישער פארם אויף טעלער, וואזעס, שטוב-חפצים און אין פיגורן, בכדי זיי זאלן קענען באשיינען און באפוצן יעדע יידישע שטוב. מיט גרויס ליידנשאפט האט ער זיך גענומען פארווירקלעכן דעם נייעם אויפטו און האט דערביי געפונען א ווארעמע אונטערשטיצונג מצד די יידישע ליטעראריש-קינסטלערישע קרייזן. פאראינטערעסירט האבן זיך אויך ניט-יידישע קונסט-קענער, ווי למשל דער דירעקטאר פון פאריזער „מוזיי דע סעוור”, דעם בארימטן מוזיי פאר קעראמיק, איינעם פון די גרעסטע אין דער וועלט, ווו עס זיינען אנגעזאמלט אוצרות פון קעראמישער קונסט, אנהויבנדיק פון די אלט-אינדישע וואזעס, כינעזישע טעלער,

טעפּ, מוסטערן פון דער איטאַליעניש ער שול, ביז די באַרימטע שאַפונגען פון דער סעוור-מאַנופאַקטור. דער מוזיי לאַדט אים איין אויסצושטעלן זיין קעראַמיק. און ריבאַקס טיפּיש-יידישע פיגורן פונם אַלטן שטעטל — אַט דער מקובל אין עקסטאַטישן טאַנץ מיט די רצועות אויף די הענט און פיס, דאָס טאַנצנדיקע פּאָרל אויף אַ יידישער חתונה, דער שדכן, דער עופות-הענדלער און די אַנדערע — זיינען געקומען און זיך אויסגעשטעלט אין דעם עלעגאַנטן „מוזיי דע סעוור" און אָנגעפילט אַ וויטרינע. די פראַנצויזישע קונסט-קענער און באַזוכער האָבן אויף זיי געקוקט מיט גרויס הידוש און אינטערעס, און ריבאַקס האַרץ איז געווען פול מיט נחת: „איך וועל דערוויזן, אַז עס איז פאַראַן אַ יידישע קעראַמיק, וואָס קען פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן אַנדערע, רייכערע און עלטערע"... ריבאַק האָט באַוויזן צו מאַכן נאָר 11 פיגורן פון די יידישע טיפּן, אָבער דאָ רוקט זיך אָן זיין שרעקלעכע חולאת.

אינם זעלביקן יאָר — 1935 — האָט די קונסט-געזעלשאַפט ביים קעמברידזשער אוניווערסיטעט פאָרגעלייגט ריבאַקן צו מאַכן ביי איר זיינע אַן אויסשטעלונג. אויפן וועג קיין קעמברידזש שטעלט ער זיך אָפּ אין לאָנדאָן, ווו ער געפינט זייער אַ וואַרימע אויפנאַמע מצדדי יידישע קולטור-קרייזן און אַ האַרציקע באַציונג מצד אייניקע אָנגעזעענע קונסט-ליבהאָבער. איינער פון זיי, לעאָ ל. גילדעסגיים, אָרדנט איין ביי זיך, אין זיין פּראַכטפולער וווינונג, אַ פּריוואַטע אויסשטעלונג פון ריבאַקס אייניקע ווערק. די אויסשטעלונג פירט אים אַריין אין די לאָנדאָנער קונסט-קרייזן. פיר פון ריבאַקס אָריגינאַל-ראַדירונגען ווערן געקויפט פונם בריטישן מוזיי פאַר זיין קונסט-קאָלעקציע, און איין קעראַמיק — פונם וויקטאָריאַ-אַלבערט מוזיי.

פאַר ריבאַקן עפענען זיך ברייטע וועגן. אָבער ער אַליין איז שוין ערנסט קראַנק. די ערשטע געפערלעכע סימפּטאָמען באַווייזן זיך אין לאָנדאָן. דעם 6-טן מאַי 1935 קומט ריבאַק צוריק קיין פאַריז נאָך פול באַגייסטערונג פון זיין דערפאָלג אין ענגלאַנד, אָבער שוין אונטערן צייכן פון דער פאַטאַלער חולאת. פון דעם טאָג אָן ביזן 22-טן דעצעמבער 1935 פאַרלאָזט ער ניט זיין געלעגער, בייטנדיק די היים אויפן שפּיטאָל. אומזיסט זיינען געווען די באַמיונגען פון די בעסטע מעדיציניש ע קרעפטן אין פאַריז צו ראַטעווען דאָס יונג לעבן. זיין מצב איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, זיינע ליידן אַלץ מוראדיקער. אָבער אין די זעלטענע רויקערע מאָמענטן רעדט ער כמעט נאָר וועגן קונסט. אז איך פלעג אין שפּיטאָל לאַענעק, ווו ער איז געלעגן, אים אַמאָל וועלן דעררעדט ציילן נייס, לייענען אַ צייטונג, פלעגט ער מיך שטיל בעטן: „בעסער דערצייל, וואָס הערט זיך ביי די קינסטלער, אויף די אויסשטעלונגען".

אינם לעצטן חודש פון זיין לעבן, דעצעמבער 1935, האָבן זיינע פריינט, מאָלער און קונסט-קריטיקער אָרגאַניזירט אַ גרויסע אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין דער „גאַלעריע דע באָ-ז-אַר". ריבאַק, שוין אַ שאָטן פון אַ מענטשן, דערהאַלטן ביים לעבן נאָר מיט קינסטלעכע מיטלען, האָט אַרויסגעוויזן אַ פיבערהאַפטן אינטערעס צו די הכנות און צו אַלע פּרטים פון דער אויסשטעלונג. עס איז געווען באמת אַ טיף-מענטשלעכער אויפ-

טו, אַט די אויסשטעלונג פונם שווער קראַנקן, פאַטאַל-פאַרמשפּטן קינסטלער, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ לעבעדיקער טייל פונם קינסטלערישן פּאַריז. דער פּאַריזער מוזיי „זשע דע פּאָם" האָט געקויפט זיינס אַ בילד, די קריטיק האָט זיך זייער ווארים אָפּגערופן, די אויסשטעלונג איז ברייט באַזוכט געוואָרן. און אַז מ'פלעגט אים וועגן דעם דערציילן, פלעגט ער קוים-שטיל אַ שמייכל טאָן, נאָר מיט די אויגן, און שטיל זאָגן: „זיי זיינען אַלע אַזוי גוט צו מיר"... שרעקלעך איז געווען דער צושטאַנד פון די, וואָס האָבן געוווסט דעם טראַגישן סוד פון שפּי-טאָל לאַענעק, און דערביי באַדאַרפט באַהאַלטן טיף אין זיך דעם פּיין און ווייטאָג און ניט אַרויסווייזן ניט ביים קראַנקנס בעט און ניט פאַר פרעמדע אויף דער אויסשטעלונג.

און די אויסשטעלונג — זי איז געווען פול מיט צאַפּלדיקע לעבנס, מיט גאָלד און רויטע פאַרבן, וואָס האָבן געלאַכט פונם מלאך-המות, וועלכער איז שוין געשטאַנען און געוואַרט אויפן שוועל פון שפּיטאָל. פריינטלעך האָבן די בילדער געוווּנקען און אַזוי ווי גערעדט: „מיר פאַרבלייבן. מיר וועלן דיך ניט פאַרגעסן. אין אונדז וועסטו ווייטער לעבן". און אַ סך פון די, וואָס זיינען געקומען אָנקוקן די אויסשטעלונג, האָבן פון אַט דער גאַנצער טראַגעדיע גאָרניט געוווּסט. זיי האָבן פאַר זיך געזען געזונטע שאַפונג פון אַ קינסט-לער, פול לעבן, בלוט און קראַפט. און אפשר האָט טאַקע דער קינסטלער זיין גאַנצע בלוט און קראַפט איבערגעגעבן זיי, די קינדער פון זיין שאַפונג...



אַז די אויסשטעלונג האָט זיך געשלאָסן, איז ריבאַק ווי אויסגעלאָשן געוואָרן. נאָך צען טעג האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט. עס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דער כוח, וואָס האָט אים דערהאַלטן. שטיל און אָן איין וואָרט, אָן זיך צו באַקלאָגן — ווי ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט אין משך פון זיין גאַנצן קורצן לעבן — איז ער פון אונדז אַוועק...

י. ב. ריבאַק און לעאָ ל. גילדעסגיים (אין גילדעסגיימס ווינונג, לאָנדאָן 1935)

אַרנאָלד צווייג (חיפה)

# ריבאַקן צום אָנדענק

אַ יונגער בלאָנדער מענטש, אַ שעמעוודיקער און צוריקגעהאַלטענער, קומט קיין בערלין און שטעלט אויס זיינע בילדער, דער עיקר אַקוואַרעלן, וואָס שילדערן פּאָגראָמען. און פֿאַר אונדז איז קלאָר געוואָרן: מיט ריבאַקן איז ווידער אַריין אין דער מערב-וועלט איינער פֿון יענע גרויסע מאָלער-טאַלאַנטן פֿון מזרח-יידנטום, וואָס קומען באַשטראָפֿן דעם שווינדל און ליגן, אַז יידן זיינען ניט פֿעיק צו מאָלעריי. זיינע פּאָגראָם-בילדער האָבן געהאַט די גאַמע פֿאַרבן און די פֿאַרמעלע קראַפֿט פֿון די פּערסישע מיניאַטורן. זייער געפֿיל, פֿולקום באַהערשט פֿון דער פֿאָרם, האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף די באַזוכער פֿון דער אויסשטעלונג, ווי דאָס וואָלטן געווען נאַיווע בילדער פֿון הייליקע פֿון אַ פֿאָלקסטימלעכן פֿויערשן מאָלער. אין דער זעלביקער צייט האָבן די דאָזיקע אַקוואַרעלן און אייל־בילדער געהאַט אין זיך די גאַנצע שפּירעוודיקייט און די מאָדערנע שפּראַך פֿון די בעסטע פֿראַנצויזישע טראַדיציעס. און זיי האָבן עס ריבאַקן שפּעטער געבראַכט קיין פּאַריז.

דאָרט האָט מען אים ווידער דערזען. אין צען יאָר אַרום נאָכן ערשטן צוזאַמענטרעף מיט אים האָט ריבאַק שוין באַוויזן צו ווערן אַן אמתער מאָדערנער מאָלער, אַ סילועט פֿון אַ יחיד במינו אין דער גרויסער מאָלער-שטאָט פּאַריז. ניט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל באַדייטנדיקע מזרח-יידישע מאָלער, האָט ריבאַק געפֿונען זיין אייגענעם וועג, גליקלעך אין דעם סינטעז צווישן דער עלעמענטאַרער מזרח-יידישער קראַפֿט און פֿראַנצויזישער פֿאַרפֿיינערונג, וואָס מאַכט אַזוי אינטערעסאַנט די דאָזיקע מאָלער-גרופּע און אַזוי ווערטפֿול אויך פֿאַר די פֿראַנצויזישע פֿריינט פֿון דער מאָדערנער קונסט. זיינע געלע און רויטע נאַטור-געמעלן, זיינע „יידישע“ הינער, זיינע בלויע און גרינע ים-בילדער, זיינע פּאָרטרעטן — אַלין האָט אָנגעטייט אַ וועג אין אַ רייכער צוקונפֿט. מאָלער מוזן פֿריער אַלט ווערן, בכדי צו קענען איבערדיכטן די וועלט פֿון זייערע אָפּטישע איינדרוקן אין דעם פֿאַרבן-שפּיל פֿון מייסטער-בילדער. בעת מיר האָבן אָבער אינם שרעקלעכן יאָר 1933 באַזוכט זיין ערשטע פֿולע אויסשטעלונג אין פּאַריז, אויף דער רי דע

לא באעסי, מיט דער מאגישער „יידישער כלה" אין איר בלוי-גרינעם צויבער-שלייער אויבנאן, זיינען מיר געווען זיכער, אז ריבאק וועט נאך דערלאנגען הויך.

אלע צרות און ליידן, וואס הונגער און היימלאזיקייט האבן געבראכט דעם זון פון דער דרום-רוסישער שטאט יעליסאוועטגראד, האבן זיין טאלאנט ניט אנגערירט, האבן זיין שאפן נאך ערנסטער געמאכט, זיין קאנצענטראציע נאך שארפער און טיפער, זיינע פאדערונגען צו זיך אליין — נאך שטרענגער. דער יונגער מייסטער ריבאק, אין תוך א פריידיקער מענטש, איז אויך ביי זיין גאנצן דערפאלג פארבליבן דער זעלביקער שעמעוודיקער און פריינדלעכער בחור, ווי מיר האבן אים באגעגנט דעמאלט, בעת ער האט אויסגעביטן מאסקווע אויף בערלין.

פלוצלונג קומט שפעטער א שרעקלעכע ידיעה, צו וועלכער עס איז אזוי שווער געווען זיך צוגעוווינען, וועגן דער קראנקהייט, וואס האט בהדרגה פאראליזירט זיינע אברים, אים געשטערט צו מאלן, איבערגעהאקט זיין אנטוויקלונג, אים צוגעשמידט צום בעט, אן שום האפענונג און רחמנות, און לסוף זיך דערבארעמט איבער אים און געבראכט אין קבר. שוין פאר דעם האט ער שווערע צייטן דורכגעמאכט. א סך מוט און ענערגיע האט זיין לעבנס-באגלייטערין געמוזט אנשטרענגען, בכדי צו קענען זיכערן אן עקסיסטענץ פאר ביידן אין יענעם שיינעם אטעליע, וואס איז געווען פארשטעקט אויפן ראנד פון פאריז. בעת מיר האבן נאך קוים תופס געווען, אז ריבאק וועט מער קיינמאל ניט קאנען מאלן, איז געקומען די ידיעה, אז ער האט שוין אויפגעהערט צו ליידן.

וואס נוצט אונדז דער געדאנק, אז די לייוונטן, וואס ער האט אונדז איבערגעלאזט, מאכן זיין געשטאלט אומפארגעסלעך? זינט דעמאלט איז געקומען ניט איין ידיעה וועגן דעם טויט פון איבערגעגעבענע און ווערטפולע פריינט; די רו אין דעם לאנד, ווו איך שרייב די דאזיקע שורות, איז אויך טיף דערשיטערט און אונטערגעגראבן פון געראנגל און קאמפן; עס יאגט ארויף א שרעק דער וועלט-שטורעם, אין וועלכן עס ראנגלען זיך פיזישע געוואלט מיט ליבע צו שלום. אבער די שמאלע און בלאסע געשטאלט פון ריבאקן, מיט זיינע העלע אויגן, פריינדלעכן אויסדרוק, אזא אייגנארטיקע, קומט אויף אין זכרון אויף א טונקעלן פאן פון שטילן טרויער. מיר האבן פרי פארשטארבענע קינסטלער, אין דער דיכטונג און אין דער מוזיק, צווישן זיי א סך זייער ווערטפולע. צו זיי קומט איצט צו אויף די פעלדער פון אומשטארבלעכקייט, וואס עקסיסטירן נאר אין אונדזער גייסט, דער יונגער ייד ריבאק, א שעמעוודיקער און צוריקגעהאלטענער, מיט זיינע געליימטע אברים. מיר ווייסן, אז זיי וועלן אים פריינדלעך אויפנעמען, ווי א ברודער, א ברודער אין קדושה, אין טאלאנט און אין שטענדיקער עבודה פאר דער פולקאמהייט.

וו. לאַצקי-בערטאָלדי (תל-אביב)

# ריבאַקס חלום

וועגן יידישע טעמעס, יידישע מאָטיוון, וועגן יידישע פּנימער פון געטאָ און געשטאַלטן פון תנ"ך האָבן געטראַכט אַ סך קינסטלער, יידישע און ניט-יידישע, פון אונדזער צייט און פון אַמאָליקע צייטן; וועגן יידישער קונסט האָט געחלומט נאָר איינער פון אונדזער דור, און דאָס איז געווען — ישׂשכר-בער ריבאַק. מאַרק שאַגאַל איז אַ גאון, קען מען וועגן אים ניט רעדן: וואָס ער טוט, איז העכער פון אַלע זיינע כוונות.

ריבאַק איז געווען דורכגעדרונגען מיטן נייעם ציטער פון יענעם דור אין רוסלאַנד-אוקראַינע, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם מוט צו גלויבן אין משיחן: אויסלייזן יידן, אויסלייזן די מענטשהייט. באַשאַפן אַ נייעם ייד, באַשאַפן אַ נייע יידישע קונסט, וואָס זאָל אויסלייזן פון גלות די פאַרוואָגלטע נשמה פונם אַלטן שניצער און מאָלער אין מאָהילעווער שול, אַלע אומבאַוווסטע סאָלדאַטן פון יידישער פאָלקס-קונסט, וואָס דער לאָו פון „לא תעשה לך פסל" האָט זיי פאַרשפאַרט אין די ד' אמות פון בית-המדרש, און אין דער אייגענער צייט זיך ווענדן צו דער צוקונפט, אפשר צו דער גאָר ווייטער צוקונפט, און רעדן מיט דער שפּראַך פון פאַרבן צום ראַ-פינירטן יחיד און צום היינטוועלטיקן ציבור, צום נייעם ייד פון געטאָ און צו דער נייער זוכנדיקער און קעמ-פערישער וועלט.

און וויבאַלד מען פאַרמאָגט אַזאַ ציטער אין דער נשמה און אַזאַ חלום, קען מען זיך לאָזן שפּרייזן ביז צום שפּיץ באַרג, זוכט מען ניט-אויסגעפאָרענע וועגן און מען געפינט אין די אויסקרימענישן פון לעבן די גלייכע האַרמאָנישע ליניע פון דער שיינער קונסט.

האָט זיך ריבאַק מיט ליבע און בטחון אַ לאָז געטאָן צו די קרומע געסלעך פון יידישן געטאָ, מיט די איינגעהויקערטע הייזער און איינגעבויגענע רוקנס, און ער האָט דאָרטן צווישן די קליינע מענטשעלעך מיט זייערע קליינע דאגות, אָבער גרויסע צרות געפונען מאָנומענטאַלישקייט. איז פון ריבאַקס „שטעטל" אויסגעוואַקסן אַ שטאָט, און דער פאַרעיפּושטער בית-המדרש איז מגולגל געוואָרן אין אַ מין

בארג סיני פון גלות, וואָס גאַנץ קאַסרילעווקע באַהאַלט זיך הינטער זיינע ליניעס און פלאַכן. האָט ער אין זיינע מענטשעלעך-יידעלעך — וואַסערטרעגער, כלי-זמר, חדר-יינגלעך, רביים און רבנים, שדכנים און יידענעס, חתנים און כלות, מחותנים און מחותנתטעס, שוחטים, מלמדים און קברות-לייט, דאַוונער און תהלים-זאָגער — אַנטפּלעקט נוסחאות, וואַריאַציעס פון אן אייביקער יידישער סובסטאַנץ, פאַנטאַסטישע פנימער פון עפּעס אַ „חומר היולי״, פון אן אורשטאָף, פעדים פון אַ טייערן, אַלטן, גאָר אַלטן געוועב אין לויכטנדיקע קאָלירן פון געל און רויט אויף אַ שוואַרצן גרונט, אזוי שוואַרץ-מרה-שחורהדיק, ווי דער תהום.

אַ קינד פון געטאָ, האָט ער קודם-כל דערפילט דעם שוואַרצן גרונט פון יידישן לעבן און אין דער ערשטער תקופה פון זיין שאַפן מער כאַראַקטעריזירט — איידער געמאָלן, מער קאָנסטרואירט בילדער — איידער קאָמפּאָנירט. אמת, ס'איז געווען ז יי ן נוסח פון קוביזם, ז יי ן קנייטש אויפן פנים פון דער רעוואָלוציאָנערישער קונסט-ריכטונג, און די אַמביציע איז געווען: אין דער נייער שטורעמדיקער וועלט פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע צו לאָזן הערן דעם אייגענעם קול — און זאָל ער זיין ניט מער, ווי אַ געדעכעניש פון דער הרובער פאַרגאַנגענהייט. אָבער ווי קומט מען ארויס פון דעם געטאָ — פונם קינסטלערישן געטאָ — צו דער ברייטער וועלט? איין פירער האָט ער פאַרמאָגט: די ב ע נ ק ש אַ פ ט נאָך פאַרבן, און די דאָזיקע בענקשאַפט האָט אים דערפירט איבער גילגולים פון אָרט און צייט און קונסט-ריכטונג, אויף וואַנדער-וועגן פון אוקראַינע, איבער מאָסקווע און בערלין, ביז פּאַריז מיט איר פאַרבן-פרייד און פאַרבן-שיכרות. אַוועק די טונקעלע גאַמע און ארויס צו דער זון, צום פייער פון קאָלאָריט, וואָס האָט זיך מיט אמאָל אָנגעצונדן און געברענט התלהבותדיק אין זיין נשמה.

ווער עס האָט געהאַט אַמאָל דעם נחת צו באַזוכן ריבאַקן אין זיין פּאַריזער אַטעליע, איז געווען געגליכן צו יענעם, וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרטיפט אין די מעשהלעך פון „טויזנט און איין נאַכט״: גליענדיקע פאַרבן-חלומות האָבן פראַזאַאישע לייוונטן און קאַרטאָנאַזשן פאַרוואַנדלט אין אַ צויבער-גאָרטן, וואָס בישופט מיט זיין רעאַליסטישער פאַנטאַסטיק, מיט זיינע בלומען-נשמות, מיט זיינע עופות-גייסטער, מענטשן-רוחות, בלינדע, אָבער משונה-שיין-קאָלירטע אָרימעלייט, הויקערדיקע בעלי-מלאכות און גראָב-בייכיקע שדכנטעס; און ער האָט אָנגעהויבן גלויבן אין די מעשיות פון ריבאַקס „אָרימער מלוכה״, פון די קרומע, לאָמע און הויקערדיקע יידן, וואָס ער האָט זיי ערגעץ ווו געזען און מיטגענומען מיט זיך, אַפּריער — אין זיין גלות-וועג איבער מערב-אייראָפּע, און איצטער — אין זיין אייביקער רו אַריין.

אבער ער האָט איבערגעלאָזט א ירושה. מיט זיין לעבן, דעם לעבן פון אַ געטאָ-טרוימער, און מיט זיין ווערק. נאָך די לעצטע יאָרן פאַר זיין אַוועקגיין פון אונדז, האָט ער זיך געשטאַרקט און צוגעלעגט אַ האַנט צו אַ נייער איבערקערעניש: אַ פּרווו אַריינצוטראָגן יי ד י ש ע פּסלים אין דער יידישער שטוב.

ער האָט אַראָפּגענומען די פאַרשווינען פון זיינע לייוונטן און זיי אויסגעקנאָטן אין ליים: זאָל אַ ייד קענען אָנטאָפּן מיט דער האַנט ניט נאָר דעם חושך פון מצרים, וואָס וויקלט נאָך איצטער איין אונדזער גלות-לעבן, נאָר זאָל די האַנט דערפילן אויך אַ ציטער פון קינסטלערישער פרייד; זאָל זי זיך צוגעוווינען אַרומנעמען אַ געשטאַלט, אַ פסל, און ניט שרעקן זיך פאַר איר; זאָל דאָס אויג מיט דער האַנט אינאיינעם זיך קוויקן מיט אַ פאַרקערפּערונג פון דער יידישער רוחניות, און זאָל די יידישע שטוב ווערן יידיש אויך אין עסטעטישן פּרט. דאָס איז שוין געווען די לעצטע סטאַנציע אויף זיין געטאָ-טרוימער-וועג, די לעצטע משא, וואָס ער האָט אַרויפגעלעגט אויף זיינע יונגע, אָבער פון אַ קרענק שוין אָפּגעשוואַכטע פּלייצעס. די אויגן האָבן נאָך געחלומט: געוואָלט זען, ווי עס לעבן אויף אין פאַרב און בילד די אַמאָליקע יידישע געטאָס פון מערב-אייראָפּע, ווי זייערע רעשטן פון יידישער פאָלקס-קונסט מאַכן פּרוכפּעריק דעם היינטוועלטיקן יידישן קינסטלער, וואָס האָט זיך דערמאָנט אין זיין פאַרגאַנגענהייט און זוכט זיך דערגרונטעווען ביז צו זיינע עסטעטישע אבות, ביז צו די וואָרצלען פון יידישן קונסט-הויש. אָבער פאַר די דאָזיקע פּלענער האָט שוין קיין צייט און קיין כוחות ניט געקלעקט. ניט באַשערט אים און אונדז צו זען אַפילו אַ העלפט פון זיין קונסט-חלום פאַרווירקלעכט אין לעבן און ער האָט מיטגענומען מיט זיך אויף דער אמתר וועלט אַ סך ניט-געבוירענע קינדער, ניט דערפירטע פּלענער, ניט אויסגעהאַדעוועטע פּרוכפּעריקע רעיונות וועגן אַ ריינער און שיינער, געהויבענער יידישער קונסט.

עס פּאַכן נאָך די פליגלען פון טויט און ס'איז שווער, באמת נאָך שווער, אָפּצוטיילן די שאַפונג פון דעם שעפער, דעם גייסט פון דעם גוף, פונם לעבעדיקן ריבאַק, וואָס מיר אַלע — נאָענטע און ווייטע — האָבן אים ניט נאָר געשאַצט, נאָר אויך געליבט. פון ריבאַקן איז אַרויסגעגאַנגען אַ השפעה, וואָס האָט אַריבערגעשטיגן זיין ווערק און האָט זיך געשפּייזט מיט די קוואַלן פון זיין פּערזענלעכקייט. מיר האָבן אין אים געזען ניט נאָר אַ יידישן קינסטלער, נאָר אויך אַ קעמפער פאַר דער יידישער קונסט, א מוטיקן און זיגרייכן טרעגער פון דער פאָן.

פאַרבליבן איז נאָר דאָס ווערק, און דעם לעבעדיקן ריבאַק — דעם חן-שטראָמענדיקן, ליבע-שטראַלנדיקן ריבאַק — האָט ביי אונדז דער מלאך פון טויט אַוועקגענומען. צי זאָלן מיר זיך אָבער אונטערגעבן אינגאַנצן?

לאָמיר זאַמלען, לאָמיר אויפשטעלן, לאָמיר אויסטייטשן, וואָס ריבאַק איז געווען פאַר אונז אַלעמען, און לאָמיר זיין ירושה ניט לאָזן פאַרגליווערן אין קרייזלעך פון פאַך-מענטשן. זאָל זיין מאָל-קינסטלערשאַפט ווערן אַ טייל פון אונדזער היינטוועלטיקן יידישן קולטור-באַוווסטזיין, און דענסטמאָל וועט ריבאַקס גייסט לעבן אין גילגולים אין אַ סך יידישע נשמות און ניט מורא האָבן פאַר אונטערגאַנג.

ס'איז אַ פאַקט: ארום ריבאַקן האָט זיך געשאַפן אַן אטמאָספערע, וואָס איז פאַרבליבן אויך נאָך זיין טויט. און די דאָזיקע דינע, איידעלע, קולטור-עסטעטישע לופט איז אַליין אַ קולטור-ווערט. מוז מען אויך אָט דעם קולט פון ריבאַקן, אָט די עבודה צו דער שאַפונג פון זיין קורצן לעבן אָפּהיטן און מען מוז באַגריסן יע-דע אָנשטרענגונג, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט ליבע צו זיין גייסט.



ריבאַק און לאַצקי אינם קינסטלערס אַטעליע אין פאַריז (1930)

## ד״ר קאַרל שוואַרץ (תל־אביב)

ווען מען רעדט וועגן דעם רענעסאַנס פון אַן אידעישער יידישער קונסט פאַר די לעצטע 20 יאָר, וואָס פאָרמירט זיך פון די טיפע איבערלעבענישן פון אונזער דור, דאַרף ריבאַקס נאָמען אַוועקגעשטעלט ווערן אויפן ערשטן אָרט צווישן אירע שטאַרקסטע עקספּאָנענטן. ריבאַק דער קינסטלער פּאַראייניקט אין זיך אויסערגעוויינטלעך מענטשלעכע און קינסטלערישע שפּירעוודיקייט מיט זעלטענער ערלעכקייט אין זיינע שטרעבונגען, וואָס קומט פון אַ באַזונדערס שטאַרקן כאַראַקטער. די אינערלעך־פעסטע האַרמאָניע, שווער אויסגעשמידט פון גייסטיקע און פיזישע ליידן, האָט אים געבראַכט צו אַ באַוווסטזיניקן און אייגנאַרטיקן לעבן. און גראָד דעמאָלט, ווען זיין לעבנס־פּאָדים האָט זיך אַזוי פּלוצים איבערגעריסן, האָט זיך ערשט געהאָט אָנגעהויבן זיין קינסטלערישע עליה אויף די רויקע און לויטערע וועגן פון אַ פרייער און שטילער שאַפונג. די גילגולים, וואָס זיין קונסט האָט דורכגעמאַכט, פון אירע פריסטע אָנהויבן ביז זיינע לעצטע ווערק, זיינען תמיד געווען אַן אויסדרוק פון פאָדערונגען, וואָס דאָס לעבן האָט געשטעלט, און ניט קיין וואַקלעניש פון אַ זוכנדיקן, און זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם געראַנגל, וואָס אָט דער ערלעך־קעמפנדיקער קינסטלער האָט געהאַט דורכצומאַכן ביז צום סוף. גראָד צוליב דעם, וואָס ער איז אַזוי יונג פון אונדז אַוועק — ער איז ניט אַלט געווען קיין פולע 38 יאָר, — שטייען מיר מיט באַוווּנדערונג פאַר זיינע ווערק, וואָס וועלן אין דער געשיכטע פון אונדזער קונסט שטענדיק האָבן אַן ערשטקלאַסיקן באַטייט.

כדי באמת צו פאַרשטיין אָט דעם קינסטלער, מוז מען קענען זיין לעבנסגעשיכטע. מער, ווי ביי וועלכן עס איז אַנדערן מאָלער, איז ריבאַקס שאַפונג ענג פאַרקניפּט מיט די אויסערלעכע אומשטאַנדן.

די היים פון ישׂשכר־בער ריבאַק איז די יידיש־חסידישע סביבה אין אוקראַינע. זייענדיק נאָך אַ תלמיד פון דער קיעווער מאָלער־שול, פאַראינטערעסירט ער זיך מיט יידישער פאָלקס־קונסט, זוכט, פאָרשט און קאָפּירט די אַלטע יידישע דענקמאָלן אין די שטעט און שטעטלעך און איז אין דעם אַ סך מער פאַרטאָן, ווי אין די אַקאַדעמישע לימודים. ער נעמט אויך אַן אַקטיוון אנטייל אין דער צוגרייטונג־אַרבעט פאַר אַ יידישן טעאַטער אין

קיעוו. זיינע פאָלקס-טיפּן און בילדער פון יידישן לעבן זיינען דעמאָלט געמאָלט אין אַ פאַרביקן אימפּרעסיאָניסטישן סטיל. אַדאַנק דער מאָלערין עקסטער, וואָס האָט געאַרבעט פאַרן יידישן טעאַטער, האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער נייער קונסט פון פּיקאַסאָ און בראַק, וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 ווערט ריבאַק אַ מיטגליד פון דער „קולטור-ליגע" אין קיעוו און איר קונסט-אינסטרוקטאָר. ער באַטייליקט זיך אין דעקאָרירן גאַסן און פּלעצער, מאָלט פּלאַקאַטן, לערנט קינדער צייכענען, וואָס ער טוט מיט אַ באַזונדערער ליבע. פון יענער צייט שטאַמען עס זיינע צייכענונגען, וואָס זיינען שפּעטער אַריין אין זיין אַלבאָם „דאָס שטעטל". די דאָזיקע צייכענונגען זיינען ריבאַקס ערשטער זעלבשטענדיקער קינסטלערישער אויסדרוק. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ אייגנאַרטיקייט און אַזאַ קראַפט פון אויסדרוק-פעיקייט, אַז מען האָט שוין דעמאָלט געקענט אין אים דערבליקן דעם קינסטלער פון הויכער מדרגה. איין בלאַט פון „שטעטל" — די שול — איז אַ וויזיע, אַ גרויסע און איינציקע אין איר אַרט, וואָס איז דורכגעווייקט מיט די געפילן פון אַ חסידיש-גייסטיקער וועלט און וואָס דערשיטערט מיט איר אייגנאַרטיקייט.

אין יאָר 1920 פאָרט ריבאַק אַריבער קיין מאָסקווע. דאָרט, ביי די ערגסטע לעבנס-תנאים, האַלט ער רעפעראַטן, פירט אָן מיט עקסקורסיעס, מאָלט פּלאַקאַטן, און אין דער ערשטער צייט האָט ער אַפילו ניט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן פאַר זיך. שפּעטער שאַפט ער אין מאָסקווע זיינע אַקוואַרעלן פון די אוקראַאינער פּאָגראָמען און שחיטות אין 1919 — 1920, וועלכע ער האָט אַליין איבערגעלעבט און פון וועלכע זיין פאָטער איז געפאַלן אַ קרבן בעתן פּאָגראָם אין יעליסאַוועטגראַד. אין זיי האָט ער אויסגעדריקט דעם גאַנצן יאוש, די ליידן און פּיין פון די אומשולדיקע קרבנות און האָט דאָ אויסגעלאָדן די יסורים און ציטער פון אַ צעריסן האַרץ, וואָס געפינט איר אויסדרוק אין אַ נייער קינסטלערישער אינטואיציע. אין די דאָזיקע מעכטיקע דאָקומענטן לעבט ריבאַק נאָכאַמאָל איבער יענע אימהדיקע טעג פון חיה׳שער ליידנשאַפט, און ער טרעט אַרויס ווי אַן אָנקלאָגער. ערשט שפּעטער, בעת זיין אויפהאַלט אין בערלין, באַקומט ער צוריק די אינעווייניקסטע רו און גלייכוואָג.

אין יאָר 1925 זעט ער שוין זיין היים אין אוקראַאינע פון גאָר אַן אַנדער ווינקל. ער טרעפט דאָ ווידער די טיפּן פון זיין יוגנט-צייט און מיט אַ פאַרשאַרפטן בליק באַנעמט ער און כאַראַקטעריזירט זייערע געשטאַלטן — ניט ריכטיקער און רעאַלער ווי פריער, נאָר אַנדערש: ווי טרעגער פון אַ כלל, פון אַ קאָלעקטיוו מיט אַ בשותפותדיקן גורל. דאָס באַקומט אַ מאָנומענטאַלן אויסדרוק אין זיין ליטאָגראַפישער מאַפּע „יידישע טיפּן פון אוקראַאינע", וואָס שפּיגלען אָפּ זיינע נייע איינדרוקן. מיט אַ יאָר שפּעטער (שוין אין פּאַריז) לאָזט ער אויך אַרויס זיין אַלבאָם „אויף די פעלדער פון אוקראַאינע", וועלכער ווייזט אונדז אַ נייעם טיפּ ייד: דעם יידישן ערדאַרבעטער פון אוקראַאינע, דעם פעסטן, פון ווינט פאַרברוינטן יידישן פּויער.

אין יאָר 1926 קומט ריבאַק, קיין 30 יאָר ניט אַלט, נאָך אַ שווער דורכגעמאַכטן לעבן, קיין פּאַריז, ווו אָט דער אינערלעך דערשיטערטער מענטש, נאָך די איבערלעבענישן פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרן, קען ענדלעך

פריי איינאָטעמען די לופט פון אַ רויקער און נאָרמאַלער קונסט. אַלץ, וואָס ער האָט ביז זיין קומען קיין פאַריז געשאַפן, איז פון קאַמף און ווינט געבוירן געוואָרן, איז געווען אַ הילף-געשריי פון אַן אויסגעמאַטערטן געמיט, פון אַ קינסטלער, וואָס זוכט אַן אויסדרוק, פון אַ קרעפטיקער נאַטור, וואָס לאָזט זיך פירן פון טעמפּעראַמענט. מיט זיינע אויגן האָט ער געזען די קרבנות פון פּאָגראָמען, זיינע געפילן זיינען באַהערשט פון די שרעקלעכע וויזיעס, וואָס האָבן געלעבט אין זיין זכרון. איצט אָבער זעט ער דאָס לעבן אין העלע פאַרבן, און אין דער נייער פאַריזער סביבה ווערט אויפגעוועקט אין אים אַ נייע קראַפט, — שוין ניט מער די פריערדיקע, אומגעצוימטע, נאָר אַ קראַפט, וואָס געפינט נייע שפּייז און באַקומט אַ נייעם אויסדרוק. זיין אויסערגעוויינטלעכער טאַלאַנט געפינט נייע פאָרמען. דאָס פאַרגליווערטע און האַרבע ווערט אויפגעלייזט אין מאָלערישער רחבות, עס שלאָגן זיך אַפילו דורך פאַמעלעך שטריכן פון ווייכקייט און צאַרטקייט, די טיפע מרה-שחורה טרעט אָפּ איר פלאַץ פאַר אַ געוויסער פרייד, וועלכע לאָזט זיך מערקן דער עיקר אין זיינע פּאָרטרעטן פון דער לעצטער צייט. ריבאַקס קונסט ווערט רייכער אין אירע אויסדרוק-פאָרמען, אין דעם אָפּקלייב פון די סיוזשעטן, און זיין פּענדזל ווערט לייכט. עס באַווייזן זיך ביי אים פאַרביק-ווונדערלעכע אַקוואַרעלן און לויכטנדיקע לאַנדשאַפטן, בילדער פון בעלי-חיים, ווי למשל, דאָס פיינע בילד מיט די פערד, פון 1931. די פאַרב ווערט אַ העלערע און קלאָריט-רייכע. מ׳זעט, ווי דער קינסטלער אַנטוויקלט זיך פון יאָר צו יאָר, ווי עס וואַקסט זיין טאַלאַנט, וואָס באַשרענקט זיך שוין ניט מער מיט די ד׳ אמות פון זיין ביז-איצטיקער שאַפונג, נאָר גייט ווייטער, פאַרפולקומט די פאַרבן כדי ווידער, ווי אין אָנהויב, זיך אַ נעם טאָן ענדלעך צו פלאַסטישע פיגורן. דאָס קומט ניט דערפון, וואָס ער איז באַרוישט פון דער פאַריזער אַטמאָספער, וואָס ער איז געוואָרן, ווי דאָס פּאַסירט מיט אַנדערע, אַ פאַריזער. ניין, דערצו איז ער צו פיל באַוווּסטזיניק, צו פיל פּערזענלעכקייט און פון דער יוגנט אָן צו שטאַרק צונויפגעוואַקסן מיט זיין אינעווייניקסטער וועלט. דאָס איז אַ וואַקסן אין זיך און פון זיך אַרויס.

און פלוצים איז אָט דער שטאַרקער און שטאָלצער בוים אונטערגעהאַקט געוואָרן. ער איז איינגעפאַלן, איידער די קרוין זיינע האָט נאָך באַוויזן זיך איבער אים צו פאַרצווייגן.

צי וואָלט ריבאַקס פּערזענלעכקייט ווייטער געוואַקסן, אָדער זיין ווייטערדיקער מאָלעריש-קינסטלערישער וווּקס וואָלט זיך אַנטפּלעקט אויפן חשבון פון זיין אייגענעם איך, ביז דעמאָלט אַזאַ בולטן און אייגנאַרטיקן? מיר מוזן דעם גורל אָננעמען אַזוי, ווי ער פאַלט אויס, און עס וועלן אונדז ניט העלפן קיין שום גערעכטע טענות און תביעות. מען מוז דעם גורל קענען תופס זיין און באַנעמען אין זיין גאַנצער קראַפט. ריבאַק האָט אונדז אין זיינע ווערק געגעבן ז יי ן וו ע ל ט, די וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט און וועלכע ער האָט אויסגעפורעמט. און די דאָזיקע פאַרבליבענע עדות פון זיין קונסט רעדן צו אונדז.

אין וואָס באַשטייט דאָס קינסטלערישע אין אים, וואָס איז אַזוי אויסערגעוויינטלעך אייגנאַרטיק און מאַכט אים פאַר אַ יחיד במינו? וואָס מאַכט אים פאַרן באַדייטיקסטן, ספּעציעל יידישן קינסטלער?

ריבאַקס קונסט איז פאַרוואָרצלט אין דער הסידישער פאַרגאַנגענהייט און ווערט געשפּייזט פון די שטאַרקע עמאָציעס, וואָס שטאַמען פון זיין יוגנט־צייט. וואָס פאַר אַ דעציִדירנדיקע השפּעה די דאָזיקע צוויי פאַקטאָרן האָבן געהאַט אויף זיין קינסטלערישן מהות, קען מען דרינגען דערפון, ווי אָפט ער באַרירט אָט די טעמעס, וואָס פאַרפאָלגן אים אומעטום; אַפילו אין דער צויבער־אַטמאָספער פון פאַריז לאָזן זיי אים ניט צורו. דאָס איז אַ קינסטלערישע און אויך אַ מענטשלעכע איבערלעבעניש, און דערפאַר איז זי שטאַרק און האַרמאָניש. ווי נאָר אָבער ער פאַרלאָזט דעם דאָזיקן געביט און פאַלט אַרונטער אונטער דער השפּעה פון אַ נ יי ע ר סביבה און פּרוּווט זי קינסטלעריש צו געשטאַלטן, בלייבט ער שוין ניט מער געטריי זיך אַליין. מען שטעלט אים אָפט אין איין ריי מיט שאַגאַלן, מיט וועלכן אים פאַרבינדט היים און גורל. דער פאַרגלייך איז אָבער אַ ריין אויסערלעכער. שאַגאַל שעפּט אַ סך מער פון דעם אויסגעחלומטן און אויסגעדיכטעטן, ווי פון די אייגענע איבערלעבענישן. ביי ריבאַקן קלינגען די זעלביקע מעלאָדיעס, ווי ביי שאַגאַלן, אָבער זיי זיינען ניט, ווי ביי יענעם, ליריש־מיסטישע, נאָר — גע‍זעענע. ביידע קינסטלער האָבן אין זיך דאָס וויזיאָנערע פון חסידיזם, ביידע שטאַמען זיי פון דעם זעלביקן שורש, פון וועלכן זיי ציִען יניקה. טאַלאַנט או נטיות, טעמפּעראַמענט און דער לעבנסגאַנג האָט זיי אָבער געפירט אויף פאַרשיידענע וועגן. בשעת איינער וואַקסט זיך צונויף אין זיין מערקווירדיקן גורל מיט דער מערב־וועלט, האָט זיך דער צווייטער פון איר בכיוון אָפּגעזאָגט. בשעת שאַגאַל ווערט אינגאַנצן אַ מערב־אייראָפּייער, בלייבט ריבאַק אין מערב־אייראָפּע אַ פרעמדער. אמת, ער לערנט און שטודירט טריי די מאָלערישע קולטור פון מערב־אייראָפּע און ער באַקומט אַרויס פון דער פאַרב וואָס אַמאָל מער נייעם רייץ. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז ער לאָזט אָפּ די אַלטע טעמעס, כדי צו זוכן נייעם קינסטלערישן אויסדרוק, און, אַ מאָלער פון גרויסן פאַרנעם, שאַפט ער אויך אויף דעם געביט פרעכטיקע זאַכן. אָבער סוף־כל־סוף איז עס ניט דער ריבאַק, פון אייגענעם טייג געקנאָטענער, זעלבסט־געוואַקסענער און פון אייגענעם ווילן באַוועלטיקטער קינסטלער. נאָר אַזאַ באַגאַבטער מאָלער, ווי ער, האָט געקענט אין זיך אויפנעמען און שפּעטער באַאַרבעטן שעפערישע סטימולן, וואָס זיינען אויפגעקומען אין אַזאַ קונסט־אַטמאָספער, ווי פאַריז, מיט זיין אַלטער קונסט־טראַדיציע פון יאָרהונדערטער, און דערביי נאָך קינסטלעריש אויסוואַקסן.. שאַגאַל האָט זיך אונטער אַזעלכע תנאים פונם אַרום געענדערט; ריבאַק אָבער איז פאַרבליבן דער זעלביקער. אין דעם באַשטייט דער פונדאַמענטאַלער חילוק צווישן ריבאַקן און שאַגאַלן.

ריבאַק הויבט אָן דערפון, וואָס ער באַווייזט אונדז דאָס לעבן פון זיין אַלטער היים; ער ווייזט אונדז די מענטשן ביי דער אַרבעט און אין שטוב, אין זייערע פרימיטיווע הייזלעך, ביי זייער מאָלצייט וכדומה. ער לעבט זיי אויף אין זייער סביבה און דורך זייער סביבה און פירט אונדז אַריין אין זייער אייגנאַרטיקן מיליע.

שאַגאַל גיט אונדז די אַטמאָספער פון יידיש־חסידישן לעבן, די חלומות, בענקשאַפט, האָפענונגען און דיכטונגען, דאָס אַנטלויפן פון דער ווירקלעכער וועלט אין אַן אויסגעטרוימטער און שאַפט עפּעס אַזעלכס

אייגנאַרטיקס, וואָס נאָר אים אַליין איז עס באַשערט געווען אויסצופורעמען און איבערדיכטן אין ניט עקסיס־טירנדיקע פאַנטאַסטישע געשטאַלטן.

ריבאַק איז מער צוגעבונדן צו דער האַרטער ווירקלעכקייט. דער גורל טרעפט אים אַ סך אומברחמנות־דיקער. ער לעבט איבער די גרויזאַמע פּאָגראָמען, וואָס האָבן ביי אים אַוועקגערויבט זיין פאָטער; די דאָזיקע שרעק־בילדער שווימען אַרויף ווידער און נאָך אַמאָל אין זיין זכרון, ווי היין־וויזיעס אין פיבער. ער ווערט דער אָנקלאָגער פון די קרבנות. תחילת זעט ער זיין היים נאָר אונטערן צייכן פון מאָרד און שריפות. שפּעטער, ווען ער קומט צוריק שוין אַן אויסגעוואַקסענער, באַגרייפט ער די מענטשן אין זייער רעאַל לעבן. זיינע בילדער זיינען שוין ניט מער קיין פאַנטאַסטישע און אירעאַלע, זיי זיינען אַ סך אמתדיקערע און טיפערע און דערפאַר אויך שטאַרקערע אין זייער אויסדרוק.

און ווען זיין טעכניק האָט זיך שפּעטער אין פּאַריז מער פאַרפולקומט, ווען ער האָט דאָ אין רויקערע אומשטאַנדן געשאַפן מער פאַרענדיקטע קונסט־ווערק און ווען ער האָט אונדז פון ריין־מאָלערישן שטאַנד־פונקט פאַרשאַפט מער נחת, — באַטייט דאָס נאָך ניט אין דעם לעצטן סך־הכל אַ וווקס פון זיין קונסט. דאָס וואָלט אפשר יאָ געווען, ווען ער וואָלט זוכה געווען צו האָבן ווייטערדיקע צילן, ווען דאָס, וואָס ער האָט אין פּאַריז געשאַפן, וואָלט געווען נאָר אַן איבערגאַנג־תקופה, נאָך וועלכער ער וואָלט מיט נאָך מער שלמות זיך צוריקגעקערט צו זיין ערשטן קוואַל. און סימפּטאָמען פון אַזאַ צוריקקער זיינען זיינע לעצטע פּלאַס־טישע פּרווון.

דעם דאָזיקן מאַסיוו־האַרטן קינסטלער איז דאָס שווער־טונקעלע געווען נאָענטער צום האַרצן, איידער דאָס װאַרלאַז־פרייילעכע. צו שטאַרק איז די ירושה אין זיין בלוט, צו שטאַרק האָט אין אים געלעבט דער ייד און ער האָט צו פיל טרערן פון זיין פאָלק געזען. זיינע אָפט שטעכיק־אומבאַהאָלפענע בילדער זיינען מיט אַזאַ קראַפט געלאָדן און שפּיגלען אָפּ אַזוי מוראדיק די ליידנדיקע און געפּייניקטע מענטשהייט, אַז ווען אַפילו זיי ווייזן אויס צו זיין משונהדיק, טרייסלען זיי דאָך אויף דעם צושויער.

דאָס, וואָס דער יונגער ריבאַק האָט געשאַפן און אונדז איבערגעלאָזט בירושה, געפינען מיר ניט ביי אַ סך פון אונדזערע קינסטלער, אָדער עס לאָזט זיך ניט ביי זיי אַזוי בולט, ווי ביי אים, באַמערקן. דאָס איז: אַנטוויקלונג, וואָס שטאַמט פון אַן אינעווייניק־פעסטער דערקענטעניש און גייט אויף אַ באַוווסטזיניקן, זעלבסט־זיכערן וועג, לויט אירע אימאַנענטע געזעצן.

# רחל ווישניצער — בערנשטיין (בערלין)

וווען עס גייען פון אונדז אַוועק מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו אַן עלטערן דור, באַגלייט זיי אונדזער פּיעטעט, מיר נעמען איבער זייער ירושה. ריבאַק אָבער האָט געהערט צו אונדז און איז געווען צווישן אונדז פון די ייִנגסטע. ווען אַזעלכע מענטשן, ווי ריבאַק, ווערן פון אונדז אַוועקגעריסן, גייט מיט זיי אַוועק אַ שטיק פון אונדז גופא, עס ווערט פאַרלאָרן אַ טייל פון אונדזערע אייגענע האָפענונגען.

עס איז געווען זומער 1918, ווען איך האָב זיך אין קיעוו באַקענט מיט ריבאַקן. קיעוו איז דעמאָלסט פאַר אונדז ביידן געווען אַ דורכגאַנג-עטאַפּ. ריבאַק האָט זיך דעמאָלסט געגרייט צו דער נסיעה קיין מערב-אייראָפּע, פון וואַנען איך בין צוריקגעקומען, כדי נאָך דער אָקאָרשט פאַרענדיקטער מלחמה ווידער אויפזוכן מיין היים-לאַנד. דער קיעווער יידישער כלל-טוער, גריגאָרי גורעוויטש, וואָס איז געווען דענישער קאָנסול, האָט אונדז ביידן צונויפגעפירט. גרויליפולע וואָלקנס זיינען דעמאָלסט געהאָנגען איבער דער אוקראַינישער הויפּטשטאָט. מיט אַ טאָג שפּעטער, ווי מיר האָבן זאַלבעדריט באַזוכט דעם אַלטן יידישן בית-עולם אין קיעוו, איז דאָרט פון אַן אויפרייס צעשטערט געוואָרן אַ טייל פון די מצבות. ביי אונז איז אָבער פאַרבליבן אַן ענטוזיאַסטישע ליבע צו די אַלטע געקרייזלטע אָרנאַמענטן, וואָס האָבן באַצירט אָט די מצבות. ריבאַק האָט זיך שוין זינט אַ געוויסער צייט באַשעפטיקט מיט דער יידישער בית-עולם-פּלאַסטיק און מיט דער פּראָבלעם פון איר רעפּראָדוקציע; ער האָט געצייכנט, קאָפּירט און געמאַכט אָפּגוסן. איך דערמאָן זיך, ווי מ'האָט דערציילט, אַז ער האָט מיט גרויס מי געשלעפּט אַהיים, צו זיך אין אַטעליע, אַן אַלטע מצבה-פּליטע. ווו האָט ער געוואָלט זיך מיט איר אַהינטאָן? קיעוו פון יאָר 1918 איז ניט געווען דער מקום, ווו מ'האָט געקענט לאַנג פאַרבלייבן. מען האָט געוואָלט, מען האָט געמוזט גיין ווייטער.

אין יאָר 1922 האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן מיט אים אין בערלין. איך בין געווען גליקלעך, וואָס אין דעם פון מיר און מיין מאַן ארויסגעגעבענעם קונסט-זשורנאַל „מילגרוים“ און אין דער פּאַראַלעלער העברעי-שער אויסגאַבע „רמון“ וועלן מיר קענען אָפּגעבן פאַר ריבאַקס שאַפן דאָס געהעריקע אָרט. ריבאַקס אָנטייל

אין דעם קונסט-זשורנאַל איז געווען זייער וויכטיק. דאָ איז דערשינען אַ פאַרביקע רעפּראָדוקציע פון זיין „שקלאָווער שול" — אַ וויזיע פון באַראָק און פון גרויסאַרטיקער פּאַטעטיק. דאָ איז דערשינען אַ וואַריאַנט פון זיין באַליבטער טעמע: „יידן אויפן וועג צו דער שול" — אַ מאָלערישער הילצערנער בנין, אַ נידעריק, פּרימי-טיוו-אויפגעשטעלט הילצערן הייזל, מיט אַן אומנאַטירלעך הויכן געצעלט-דאַך. טונקל-ברוין און מיסטיש איז די שול, טונקל-ברוין און מיסטיש זיינען אויך די געשטאַלטן פון די ברייטע, פעסטע יידן, וואָס ציען זיך צו איר, מיט זייערע בערד און גרויסע קעפּ, וואָס זיצן טיף אין די אַקסלען. ריבאַק גיט אונדז אין דעם קליינעם בילד עפּעס פון דער רוסישער איקאָנע-מאָלעריי און צו דער גלייכער צייט פון דעם כינעזישן האָלצשניט. עס איז געווען אַ מערקווירדיקער און אייגנאַרטיקער געמיש. ביי ריבאַקן זיינען געווען נאָך שטאַרקערע בילדער, ווי די, און דאָס זיינען די אוקראַינישע פּאָגראָם-בילדער, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשריען דער באַשול-דיקער — ביי ריבאַקן איז דער פאָטער געפאַלן אַ קרבן פון אַ פּאָגראָם. — אָבער מיר האָבן ניט געהאַט דעם מוט אָט די בילדער צו פאַרעפנטלעכן.

ריבאַק האָט זיך געפילט שטאַרק פאַרבונדן מיט דער קולטור און דער גייסטיקער וועלט פון מערב-אייראָפּע. סעזאַן, דזשיאָטאָ און גרעקאָ, דער שפּעט-אימפּרעסיאָניזם, פּרי-רענעסאַנס און באַראָק זיינען פאַר אים גע-ווען עצמדיקע דערפאַרונגען. און ניט איינער פון די שמועסן מיט ריבאַקן פלעגט געפינען אַן אויסדרוק אין „מיל-גרוים" און לאָזן נאָך זיך אַ שפּור אין דעם אָפּקלייב פון אילוסטראַציעס און פון די טעמעס פאַר די אַרטיקלען וועגן קונסט.

ווען ריבאַק איז אַוועק קיין פּאַריז און ווען עס האָט אויך אויפגעהערט צו דערשיינען דער „מילגרוים", האָב איך אים פאַרלאָרן פון אויג. אין אַ צייט ארום האָב איך פון פּאַריז דערהאַלטן זיינעם אַן אויסשטעלונג-קאַ-טאַלאָג. אין משך פון דער צייט האָט ער באַזוכט רוסלאַנד. ער איז געווען אין די יידישע קאָלאָניעס אין קרים און אוקראַינע און דאָרט געאַרבעט. איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען אַ רעפּראָדוקציע, אָדער אפשר איז עס גאָר געווען אַ ראַדירונג, פון אָט דער רוסישער צייט זיינער. געזען האָט מען אַ יידישע פויערטע, ביי וועל-כער דאָס גאַנצע פּנים האָט געקוואָלן. דאָס איז ניט געווען דאָס פאַרפירערישע, הייסע לאַכן פון די רוסישע פּוי-ערטעס פון אַ מאַליאַווין, נאָר אַ יונג, פריש לאַכן, אַ באַפרייטס און באַפרייענדיקס. מ'האָט בולט געקענט זען, ווי גוט עס איז געווען ריבאַקן, ווען ער האָט אַליין געקענט אָבסערווירן און אדורכלעבן דאָס נייע יידישע פויער-טום. דאָ, צווישן די איבערוואַנדערער פון אוקראַינע, האָט ער קענטיק אָנגעהויבן געזונט צו ווערן, דאָ האָט ער אויך בהדרגה אָנגעהויבן צו פאַרגעסן אין די גרויזאַמע וויזיעס פון זיין יוגנט.

ער איז ווידער אַוועק קיין פּאַריז. עס הויבט זיך אָן פאַר אים אַ נייע שעפערישע תקופה. ער איז שוין אָבער מער ניט דער אַמאָליקער פאַרשלאָסענער אין זיך, פאַר די איינדרוקן פון דער פרעמדער סביבה ניט צוגעלאָזענער מענטש. ער הויבט אָן צו מאָלן דאָס פראַנצויזישע לעבן, ער מאָלט בלומען, פרידלעכע לאַנד-

שאַפטן און דאָס באַשיידענע וואָכעדיקע לעבן. פון מאָל צו מאָל קערט ער זיך אום צום יידישן שטאָף, און ווען איך האָב אים באַזוכט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אין זיין פּאַריזער אַטעליע, האָט ער געפרעגט, צי איך האַלט ניט, אַז זיין שאַפן האָט זיך פאַרענדיקט. ער איז ווידער באַהערשט געוואָרן פון אַן אומרו: זיין קינסטלעריש און סאָציאַל געוויסן פאָדערט פון אים שווערע אויפגאַבן, אָבער דאָס לעבן ביים ראַנד פון דער פּאַריזערווירקלעכ-קייט וועקט ניט ביי אים קיין פּראָבלעמען — און מ'האָט געפילט, אַז ריבאַק איז ניט געווען צופרידן מיט זיך און מיט זיינע שאַפונגען.

גראָד אין דער צייט מאַכט אַדורך ריבאַקס שאַפן אַ וועזנטלעכן אַנטוויקלונג-פּראָצעס. זיין געדיכטע פאַרב ווערט לויזער, זיין אופן פון אויסדרוק געווינט אַ סך פון דער לייכטקייט און פונם חן, וואָס ער האָט גענומען פון פּאַריז. ער זאָגט זיך אָפּ פון דעם קראַמפּהאַפטיקן קוביזם און זיין ליניע ווערט בויגעוודיק. מיר ווייסן ניט, וווהין אָט דער וועג וואָלט אים געפירט. זיין לעבן האָט זיך הויך דערהויבן — און פּלוצלונג האָט זיך עס איבערגעריסן.

פאַר דער געשיכטע פון יידישן גייסט, פאַר דער געשיכטע פון יידישער קונסט האָט ריבאַקס לעבן באַ-טייט זייער פיל. יעדער עטאַפּ פון אָט דעם לעבן איז אַ פאַזע פון אונדזער אייגענער קולטור-אַנטוויקלונג. דער קינסטלער האָט עס פאַר אונדז נאָר ארויסגעבראַכט אינטענסיווער און שענער.

יאַנקל אַדלער (פּאַריז)

# דער וועג פון יידישן קינסטלער

אין משך פון די לעצטע יאָרצענדלינגער האָט זיך די צאָל יידן-קינסטלער אין דער גאָרער וועלט אַזוי פונאַנדערגעוואַקסן, דער קינסטלערישער נאָכוווּקס אַזוי גיך פאַרמערט, אַז ס'באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויספילן דעם ליידיקן חלל פון גאַנצע יאָרהונדערטער, ווען ס'איז ביי יידן פאַרווערט געווען פלאַסטיש צו שאַפן, פלאַסטיש צו געשטאַלטן.

ניט די באַזונדערס אַקטיווע, קאַמפּערישע עלעמענטן צווישן דער יידישער קינסטלערשאַפט געהער דער פאַרדינסט פון באַקעמפן דעם דאָזיקן פאַרבאָט, פון קעגנשטעלן זיך דעם יידישן קלער. דאָס האָט געטאָן דאָס לעבן גופא, די נייע ציוויליזאַטאָרישע סטרוקטור, די קאָנצענטראַציע פון גרויסע מאַסן אין די שטעט, די גאַנץ נייע פאַרקער-טעכנישע איינשטעלונג, מיט איין וואָרט — די ניי-אויפגעקומענע סאָציאַלע ווירקלעכקייט. זי האָט עס רייף געמאַכט און געבוירן אייגענע, נייע אויסדרוק-פאָרמען און פונאַנדערגעריסן דעם אייזערנעם רינג פון יידישן קלער. אָבער דאָס בלויזע נעגירן די אַלטע פאַרבאָטן האָט נאָך קיין נייע קונסט ניט געקענט באַשאַפן. קונסט מוז האָבן אַ געהעריקע אַטמאָספער אונסביבה, קונסט מוז קולטיווירט ווערן, די לאַנג פאַרטרוקנטע, פאַרלאָזטע רוי-ערד מוז טיף אַדורכגעאַקערט ווערן. און דאָס אַלץ איז ניט קיין טאָג-באַשעפעניש, נאָר אַ לאַנג-דויערנדיקער, שווערער, געשיכטלעכער פּראָצעס.

און ווי מאָדנע ס'זאָל ניט קלינגען, איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז די גרעסטע ליבע צו קונסט, צום אָרנאַמענט איז געקומען דווקא פון אַזאַ זייט, פון וואַנען מ'האָט זי צומווייניקסטן דערוואַרט — פון חסידיזם. אין פלוג וואַרפט זיך דאָ אין די אויגן די סתירה צווישן דער גאַנצער רעליגיעזער איינשטעלונג פון דער חסידישער באַוועגונג און דער וועלטלעכער פלאַסטישער קונסט, צווישן צוויי גאַנץ באַזונדערע, היפּוכדיקע קולטורוועלטן. אָבער דאָס איז בלויז אויבנאויפיק. ביי אַ נאָענטערער געשיכטלעכער באַטראַכטונג זעט מען, ווי די דאָזיקע כלומרשטע סתירה האָט זיך איר היסטאָרישע לאָגיק, ווי אָרגאַניש צונויפגעוועבט עס זיינען צווישן זיך די דאָזיקע צוויי וועלטן. די חסידישע באַוועגונג סוף 18-טן יאָרהונדערט איז, היסטאָריש-מאַטעריאַליסטיש גע-

נומען, געווען אַ בונט קעגן דער דאַמאָלסט הערשנדיקער קלעריקאַלער דאָגמאַטיק און דעם באָדן פֿון וואַנען זי איז אַרויסגעוואַקסן, — קעגן די דאַמאָלסטיקע פֿאָרמען פֿון סאָציאַלער אומגערעכטיקייט. און פּונקט ווי יעדע אוממעכטיקע סעקטע, האָבן זיך אויך די חסידים אין זייער קאַמף באַנוצט מיט איראַציאָנעלע כּלי-זין. זיי האָבן אָבער גלייכצייטיק געוועקט אין די יידישע מאַסן אַן אומגעהויער פּאָזיטיווע באַציונג צום וואָכעדיקן לעבן. דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטרעבונג צו פֿאַרשענערן זיינע אויסערלעכע פֿאָרמען. אַזוי האָבן די עלעמענטן פֿון פֿרייד אין חסידיזם געוועקט דעם אינטערעס און די ליבע צו פֿורעמען דעם פֿאָלקס-אָרנאַמענט. אויף די מצבות פֿון יענע צייטן געפֿינען מיר בולטע באַראָק-עלעמענטן מיט גאַנץ נייע אייגענע ניואַנסן, וואָס זיינען געוואָרן אַ קוואַל פֿון אָנרעגונג פֿאַרן קומענדיקן קינסטלער-דור. פֿונם יום-טובֿדיקן אין דער אַלטעגלעכקייט האָבן געשעפּט זייער יניקה די דאַמאָלסטיקע „רייזעלעך“ און „שבֿועותלעך“. די געהאָפּטענע טלית-און תּפֿילין-זעקעלעך, די פּרימיטיוו-באַמאָלטע הילצערנע שולן מיט זייער פֿאַנטאַסטיק טראָגן שוין אייגנטלעך אין זיך יענעם ציטער, וואָס איז געוואָרן אַן אָנזאָג פֿון דער קומענדיקער פֿרייהייט אין דער קינסטלערישער אויסדרוק-קראַפֿט. דאָס אַלץ באַטראַכטן מיר היינט צו טאָג, ווי אַ גרויסע באַפֿרוכפּערונג פֿון פֿאַרוואָרלאָזטן קונסטפֿעלד.

די אויפֿקלערונגס-באַוועגונג איז געקומען פֿון מערבֿ. אַ גרויסער טייל יונגע יידן-קינסטלער נעמען זי אָבער אויף אומפּאַרדייט, און ניט געקוקט אויף זייער קינסטלעריש-ערנסטער באַציונג און מסירת-נפֿש, פֿאַרוואַנדלען זיי זי אין אַ קאַריקאַטור, פֿרעמדן זיך אָפּ פֿון דער אייגענער סבֿיבֿה און דערגייען נישט צו דער פֿרעמדער וועלט, צו וועלכער זיי ווילן זיך אַזוי דערנענטערן. ווי אַ פּועל-יוצא דערפֿון שאַפֿט זיך אייגנטלעך יענער באַדנלאָזער, אומשעפֿערישער, עפּיגאָנישער פּסעוודאָ-אייראָפּעאיזם, מיט וועלכן אונדזערע אַסימילאַטאָרישע שיכטן זיינען דורך און דורך אָנגעזאַפּט.

די יידישע פֿאַרמעגלעכע קלאַסן, וואָס האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן ווערן קאָנסומענטן פֿון קונסט-בילדער, האָבן אויף זייער אייגענעם לאָגישן אופֿן אַקצעפּטירט בלויז יענע קונסטווערק, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין הסכּם מיט זייער אידעישן וועלט-באַנעם. און היות ווי די וואָכעדיקייט האָט צופֿיל דערציילט וועגן דער סבֿיבֿה, פֿון וואַנען זיי שטאַמען, האָבן זיי דעריבער גערן געזען און געזוכט יענע געמעלן, וואָס האָבן אויסגעדריקט און פֿאַרקערפּערט די גלאָריפֿיצירונג, די פּאַטעטישקייט פֿון ווייטן יידישן עבֿר, אָבער — געזען דורך אַ פּריזמע, געשטאַלטיקט אין פֿאָרמען פּשוט אויסגעבאָרגטע ביי די ארומיקע פֿעלקער. אייגענע פֿאָרמען צו געשטאַלטן — האָט פֿאַרפֿעלט אי כּוח, אי כאַראַקטער. אַזוי איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע פּלעיאַדע אויפֿגעבלאָזענע עפּיגאָנען, וואָס זייער גאַנצע קינסטלערישע טעטיקייט איז באַשטאַנען אין כאַפּן שיריים פֿון די רייכע טישן אין די אייראָפּעישע סאַלאָנען, אָן טיפֿערע וואָרצלען אין די מאַסן, נאָר מיט אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג נאָכמאַכן אַנדערע און ווערן „מיט לייטן גלייך“.

און דאָך! יעדער נעגאַטיווער מאָמענט טראָגט אין זיך אויך אַ געוויסן פּאָזיטיוון ווערט, אין דעם זינען, וואָס ער איז אַ מוסטער, ווי אַזוי מ'זאָל נ י ש ט שאַפן, וואָס מ'זאָל אויסמיידן אין דער קונסט. ביי אַלע זייערע נעגאַטיווע זייטן האָבן זיי פונדעסטוועגן געהאַט דעם גרויסן פאַרדינסט צו געבן אונדז אַ געוויסע זיכערקייט און אויפמונטערונג אין אונזער שווערן שאַפן. רייך זענען די אוצרות פון פאָלקס-עלעמענטן, וואָס מיר האָבן אין אונדזער קונסט געירשנט, אָבער פּאַראַלעל מיט דער דאָזיקער פאָלקס-קונסט ציט זיך, ווי אַ גאָלדענע קייט, דער שאַפונגס-פאָדים פון באַזונדערע, פאַראיינצלטע יידישע קינסטלער, וואָס האָבן ארויסגעשפירט די קומענדיקע מעגלעכקייטן צו געפינען אַ קינסטלעריש-פּאַסיקע פאָרם פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון יידישן לעבן.

צווישן דער גרויסער צאָל יידן-קינסטלער אין גאָר דער וועלט איז פאַראַן אַ קליין הייפעלע יי ד י ש ע ק י נ ס ט ל ע ר , וואָס מ'וואָלט זיי געקענט אויף די פינגער אויפציילן. זיי האָבן זיך געשטעלט די שווערע אויפגאַבע נאָכשפירן און אויסגעפינען אַ סינטעז, אַ געהעריקע פאָרם און אין בילד צו געשטאַלטן די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט, וואָס די יידישע מאַסן טראָגן אין זיך, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע ירושה, און וואָס האָט שוין געפונען איר פולבלוטיקן אויסדרוק אין דער יידישער ליטעראַטור.

איינער פון דער דאָזיקער קליינער יידישער קינסטלער-משפחה איז י ש ש כ ר - ב ע ר ר י ב אַ ק. ריידן וועגן ריבאַקן הייסט אייגנטלעך ריידן וועגן דעם דערנער-וועג פונם היינטיקן יידישן קינסטלער. ריבאַקס לעבן שפּיגלט אָפּ אין זיך דעם קינסטלערס פריידן און באַגערן, וואָס שטויסן אים צום שעפערישן אויסלעבן זיך. דאָס לעבן פון ריבאַק איז אָבער אויך פול קאָנפליקטן מיט יענע נעגאַטיווע כוחות, וואָס שטעלן שטענדיק די פראַגע: „פאַרוואָס עפּעס יידישע קונסט? פאַרוואָס ניט אַלגעמיינע?“, בעת אליין בלאָנדזשען זיי אויף אומוועגן פון די שאַבלאָן-אויסגעדראָשענע פאָרמען אין דער מערב-אייראָפּעישער קונסט.

ריבאַק איז אין זיין אַנטוויקלונג אַזוי טיפּיש, אַז מיר קענען אים נעמען, ווי אַ פאָרבילד פאַר דער אַנטוויקלונג פון די יונגע כוחות, וואָס שאַפן די נייע יידישע קונסט. ריבאַק איז אייגנטלעך, ווי אַ סך אונדזערע, אַ צ ו ר י ק ג ע ק ו מ ע נ ע ר — צוריק אַהיים, אין דער יידישער סביבה, ווו ער האָט געפונען גאַנצע אוצרות פון שיינקייט אין יידישן פאָלקלאָר, אין יידישן פאָלקס-ליד, אין דער חסידישער מעלאָדיק, אין חסידישן טאַנץ, אין די מנהגים און מידות פון פאָלק, געפונען א גרויסע, ברייט-פאַרצווייגטע, רייכע יידישע ליטעראַטור. און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווו האַלטן מ י ר , יידישע פּלאַסטיקער? וואָס זיינען א ו נ ד ז ע ר ע דערגרייכונגען? אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט ער זיך באַמיט מיט אייגענע כוחות, דורך אייגענע ארבעט, צו געבן אַן ענטפער. זיינע ערשטע זעלבשטענדיקע ארבעטן טראָגן נאָך אין זיך זייער אַ סך פּראָגראַמאַטישקייט, — סיי אין דער דאַמאָלסטיקער נייער רעוואָלוציאָנערער פאָרם, אין קוביזם, סיי אין די, אין אויסערלעכן לבוש געקליידטע, יידישע סיוזשעטן. די אַקצענטירונג פון די דאָזיקע ביידע עלעמענטן איז, לטובת ריבאַקס קונסט, מיט דער צייט פאַרשווונדן געוואָרן. ס'איז רייף געוואָרן אַ פלי-

סיקע אָרגאַנישע פאָרם אויסצודריקן דורך ליניעס און פאַרב דאָס, וואָס ער האָט אין זיך אויפגענומען, ווי אַ דערקענטעניש, אין אַ קלאָרער סינטעטישער שפּראַך. און דאָס איז אפשר דאָס טראַגישסטע אין זיין פּריציייטיקן טויט: וואָס אין זיינע אַרבעטן פילט זיך ערשט אַ צוגרייטונג צו שאַפן דאָס, צו וואָס עס שטרעבן אַלע זיך ראַנגלענדיקע ערנסטע קינסטלער, — צו שאַפן דאָס אָפּגעשלאָסענע, פאַרגאַנצטע בילד. עס איז די גרויסע קראַנקהייט פון אונדזער אומרויקער היינטצייטיקייט, די פּ ר אַ ג מ ע נ ט אַ ר י ש ק יי ט, וואָס נעמט זיך קאַנטיק פונם איבערגאַנג צו נייע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, וועגן וועלכע ריבאַק, פּונקט ווי מיר אַלע, האָט זיין גאַנץ לעבן געחלומט.

טראַדיציע באַשטייט ניט דערין, וואָס מ'מאַכט נאָך בלינד דעם עבר. טראַדיציע הייסט אייגנטלעך — ווייטער ממשיך זיין דאָס, וואָס די פריערדיקע דורות האָבן אָנגעהויבן. ניט די טרוקענע, אַקאַדעמיש-עפּיגאָנישע קינסטלער, נאָר מיר — די היינטצייטיקע קינסטלער, און די יידישע בתוכם, — זיינען די איינציקע לעגיטימע יורשים פון די רייכע קולטור-אוצרות, וואָס געפינען זיך אין די מוזייען און וואָס וואָלטן שוין לאַנג פאַרגליווערט געוואָרן, ווען ניט דער בלוט-צופלוס פון דער היינטצייטיקער שעפערישער קונסט, וואָס שאַפט אַ קעגנזייטיקע באַפרוכפּערונג. מיר לערנען זיך אָפּ פון זיי, פון די אַלטע, און דורך אונדזער אומדערמידלעכן שאַפן באַרעכטיקן מיר און באַלעבן זיי.

ריבאַק האָט אין זיין קונסט געהאַט צוויי עלעמענטן, וואָס זיכערן אים דעם געהעריקן פּלאַץ אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קונסט. עלעמענטן, וואָס זיינען אַ באַשטאַנדטייל ניט בלויז פון דער יידישער קונסט, נאָר פון קונסט בכלל: די שטרעבונג די וועלט צו באַרייכערן און זי איבערצומאַכן אין אינהאַלט און אין פאָרם.

לעאָ קעניג (לאָנדאָן)

# ריבאַק און די יידישע קונסט

אין דער קליינער און ליבער רעפּובליק פון יידישער קונסט און ליטעראַטור, אַ רעפּובליק וועלכע עקסיסטירט דאָך, ניט געקוקט אויף איר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער פאָרמלאָזיקייט, איז דער פּריצייטיק פאַרשטאָרבענער יששכר-בער ריבאַק געווען אַן אָנערקענטער, פולבאַרעכטיקטער און נאַטירלעכער בירגער.

ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אָט דער יידישער רעפּובליק און ער איז געשטאָרבן אַ יידישער קינסטלער.

און איך בין זיכער, אַז אין רעטראָספּעקט, ווען מיר וועלן האָבן רעפּרעזענטאַטיווע מוזייען פון יידישער קונסט, וועט מען קלאָר דערזען, אַז ריבאַק איז געווען איינער פון אירע בויער.

ווען קען אַ ייד, אַ מאָלער, צי אַ סקולפּטאָר, באַצייכנט ווערן אַלס יידישער, ניט נאָר צוליב זיין געבורט אליין?

ס'איז אַן אלטע פראַגע צווישן יידישע קינסטלער און שרייבער, אָבער אַלץ נאָך ניט קיין פאַרענטפערטע. עס איז פיל לייכטער די פראַגע צו פאַרענטפערן, ווען זי ווערט געשטעלט בנוגע דעם יידישן וואָרט-קינסטלער, דעם יידישן שריפטשטעלער. אַ יידישער שרייבער איז דער, וואָס שרייבט אין יידיש. צי ס'איז גענוג, צי ניט, נאָר די שפראַך איז לעת עתה די איינציקע „טעריטאָריע“ פונם יידישן שרייבער. די שפראַך איז זיין נאַציאָנאַלע לאַנדשאַפט, אין דער שפראַך געפינט ער, באַוווסטזיניק און אינטואיטיוו, זיינע קולטור-היסטאָרישע, פאַרמיסטישע, פאָלקלאָריסטישע מוזייען פון פאַרבן און קלאַנגען. שרייבט ער אין יידיש, איז ער אַ יידישער שרייבער, מעג זיין טעמאַטיק און זיין טענדענץ זיין גאָרניט יידיש, צי אַפילו אַנטי-יידיש.

ניט די טעמע און ניט וועלכער עס איז „יידישער גייסט“ צי „רוח היהדות“ מאַכט דעם יידישן שרייבער פאַר אַ יידישן שרייבער, נאָר — די שפּראַך. מען קען יידישקייט און אַ געוויסן מיסטישן „רוח היהדות“ געפינען ביי איניקע יידיש-דייטשע, צי יידיש-פראַנצויזישע שרייבער, און דאָך זיינען זיי ניט קיין יידישע, נאָר דייטשע

און פראַנצויזישע שרייבער. אגב, דוכט זיך מיר טאַקע, אַז אין אונדזער יונגער יידישער ליטעראַטור, אָדער ביי די בעסטע פון אירע פאָרשטייער, איז דאָ מער לעבן און ניכטערקייט, ווי ביי די בעסטע יידישע טעמאַטישע שריפטשטעלער אין די פ ר ע מ ד ע שפּראַכן, און דאָס איז דערפאַר, ווייל אַ פאָלקס־שפּראַך איז באָדן, ערד.

הייסט עס, אַ יידישער שרייבער איז דער, וואָס שרייבט אין דער יידישער שפּראַך, מעג ער שרייבן פונם לעבן פון נעגערס און ניט אויף די געזאַלבטע, סענטימענטאַל־מיסטישע „יידישע טעמעס". ווען־זשע אָבער קענען מיר אַ יידישן פלאַסטיקער — אַ מאָלער צי סקולפּטאָר — באַצייכענען אַלס יידישן אויך אינם קינסטלע־רישן זין, און ניט נאָר אינם זין פון ראַסע, שטאַם, בלוט און נאָך אַזעלכע כלומרשט וויסנשאַפטלעכע באַגריפן, פון וועלכע מיר הערן און ליידן לעצטנס צו פיל? מיר קענען ניט אָננעמען די הנחה, אַז יעדער יידישער קינסטלער, וואָס ש ט אַ מ ט פון יידן, אָדער איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, איז שוין ממילא אַ יידישער קינסטלער.

ווען מיר זאָלן אָננעמען אָט די הנחה, וואָלט זי, אַ הוץ אַלע אירע אַנדערע אינערלעכע סתירות, באַזיגט אונזער ציל. פונקט ווי אָט דער נייער ראַסן־נאַציאָנאַליזם מוז צעשטערן מיט זיין אַבסורדישקייט יעדן נאַציאָ־נאַליזם. ווען מיר זאָלן אָננעמען די „בלוט־טעאָריע" (ווי איניקע יידישע מיסטיקער זיינען עס אפשר גרייט צו טאָן), דאַן וועלן מיר מוזן קומען צום שלום, אַז „מלא כל הארץ כבודו", אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט יידישע קינסטלער, און די געשיכטע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור וועט זיך אפשר דאַרפן אָנהויבן פון די אייראָפּעישע קלאַסיקער מאָנטיין און דעפאָו, וועלכע האָבן אויך געהאַט אין זיך (פון דער מוטערס צד) יידיש בלוט. און בלאָנדזשענדיק אויף די טונקעלע וועגן און שטעגן פון דער ראַסן־טעאָריע, וועלן מיר מוזן קומען צום אויספיר, אַז ס'איז בכלל ניט פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי ראַסן־קונסט.

מוזן מיר אָנקומען צו מער קאָנקרעטע פאָרמען, דורך וועלכע מיר זאָלן קענען אונטערשיידן דעם מאָלער פון יידישן אָפּשטאַם פון דעם י י ד י ש ן מ אָ ל ע ר.

מיר קענען ניט זאָגן, אַז אַלע מאָלער־יידן זיינען יידישע מאָלער, שוין אויך פשוט דערפאַר, ווייל דאָס רוב פון זיי וויל עס אפשר אַליין ניט, און ניט צוליב אַסימילאַטאָרישע און נאַציאָנאַליסטישע מאָטיוון ווילן זיי עס ניט. זיי זאָגן, און מיט רעכט: מיר זיינען געבוירן געוואָרן אין דעם אָדער אין יענעם קלימאַט, מיר האָבן גע־מאָלט די לאַנדשאַפטן פון דעם לאַנד, מיר האָבן געלערנט פאָרמען און ליניעס פון די נאַציאָנאַלע קאָסטיומען, פון מוזייען און פון די פנימער פון אונזער געבורט־לאַנד, — ווי אַזוי קענען מיר זאָגן, אַז מיר זיינען י י ד י ש ע פלאַסטיקער?

מיר זיינען שוין ווייט אַוועק פון יענער צייט, ווען מיר פלעגן זוכן מיט ליכט יידישע נעמען אָדער יידישע אָפּשטאַמלער, כדי מיט זיי זיך צו באַרימען און צו שמעלצן. און אַרויפצוצווינגען אויף זיי יידישקייט, זייער „יידישן גייסט", דערצו זיינען מיר ניט קיין ווילדע אומגעלומפּערטע „נאַצים", און ווען אַפילו איניקע פון

אונדז וואָלטן עס געוואָלט טאָן, האָבן זיי קיין כוח ניט דערצו. העכסטנס איז מעגלעך אַן ענציקלאָפּעדיע פון יידישע נעמען — נעמען פון גאַנצע יידן, פון האַלבע יידן, אָפּענע, צי האַלב אָפּענע יידן... און די אַרבעט וועט קיינמאָל ניט זיין קיין געענדיקטע, און די יידישע וויסנשאַפטלער און פאָרשער פונם „יידישן שאַפן" וועלן דאַרפן אָפּלעבן זייערע אַלע יאָרן צווישן די פאַרשטויבטע אַרכיוון מיט מעטריקעס אין אַלע לענדער, אין אַלע עקן פון דער וועלט.

זאָלן מיר ווידער זאָגן, אַז די יידישע ט ע מ אַ ט י ק מאַכט אַ יידישן מאָלער צי סקולפּטאָר פאַר אַ יידישן פּלאַסטיקער?

וואָלט דאָס אויך געווען קינסטלעריש ניט ריכטיק. אפילו אַ יידישער שרייבער ווערט ניט צוליב יידישע טעמעס אַ יידישער שרייבער. טאָ ווי אַזוי קענען מיר יעדן מאָלער, וואָס מאָלט יידן, יידישע מאָטיוון אָדער דעם יידישן לעבנס-שטייגער, אָנרופן יידישער פּלאַסטיקער?

ווען די יידישע טעמע הויפּטזעכלעך זאָל כאַראַקטעריזירן דעם יידישן מאָלער, דאַן וואָלטן מיר געדאַרפט אַ רעמבראַנדט באַצייכענען אַלס דעם גרעסטן יידישן מאָלער? און פאַרוואָס ניט אַ גרעקאָ? ניט אומזיסט האָט מען ביי אונדז געמאַכט נאַיווע פּרוּוון „מגייר צו זיין", צו מאַכן פאַר יידן אָט די צוויי גרויסע אייראָפּעישע מאָלער...

אַ פראַנצויז וועט מאָלן אַ יידן פראַנצויזיש, אַ דייטש — דייטשיש, דאָס הייסט — לויט דעם קאָלאָריט, לויט די ליניעס און קינסטלערישער קולטור, וואָס ער האָט אין זיין קלימאַט, אין זיין לאַנד אין זיך אַריינגעזאַפּט. און דאָס אייגענע וועט מסתמא טאָן דער פראַנצויזיש-יידישער מאָלער, דייטש-יידישער, רוסיש-יידישער א. א. וו. ווען אַ קאַמיל פּיסאַראָ וואָלט געמאָלט יידן, יידישע מאָטיוון, צי אַפילו דעם כותל-מערבי — וואָלטן דאָס אַלץ געווען פראַנצויזישע מאָלערייען. און אפילו שאַגאַלס עכטע אַמאָליקע מאָלערייען שמעקן מער מיט רוסלאַנד, מיטן רוסישן „לובאָק" און מיט רוסישער לאַנדשאַפט און מיט דער מאָדערנער פראַנצויזישער מאָלערישער קולטור, ווי מיט יידישקייט, כאָטש ער האָט אַזוי פיל יידישע בילדער געמאָלט און מיט אַזוי פיל בעלעטעריסטישער, וואָלט איך געזאָגט, ליבשאַפט און היימישקייט.

ס'איז אָבער צו אויבערפלעכלעך אָפּצולייקענען אינגאַנצן דעם ריין-קינסטלערישן ווערט פון טעמאַטיק. אויך אַ מענטשלעך פּנים איז פאַר אַ פיינעם קינסטלער אַ מוזיי פון נאַציאָנאַלע, קלימאַטישע און עטנאָגראַפישע פאָרמען, ליניעס און פאַרבן. א מענטש ווערט ניט געבוירן גלאַט מיט אַ פּנים אין דער וועלט אַריין; יעדער מענטשלעך געזיכט איז אַ סך-הכל פון דורות קולטור, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטאַנדן. און ווי פון נאַציאָנאַלע בערג און טאָלן, קען מען אויך פון נאַציאָנאַלע פּנימער קומען צו אַן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן (ניט נאַציאָנאַליסטישן) סטיל פון מאָלן און צייכענען. פּונקט ווי די לאַנדשאַפט, האָט אויך דער נאַציאָנאַלער טיפּ אָפּט די באַדייטונג און ווערט פון אַ קונסט-שול.

אָבער דאָך איז טעמאַטיק ניט אַזאַ קאָנקרעטע און ממשותדיקע נאַציאָנאַלע פאָרם, ווי שפּראַך. און די יידישע טעמאַטיק אויפן פּלאַסטישן געביט איז נאָך צו יונג, זי זאָל שוין קענען געבן וועלכע ס'איז בולטע סימנים פון סטיל און כאַראַקטער אַ יידישן פּלאַסטיקער.

דער יידישער וואָרט-קינסטלער איז דעריבער גליקלעכער פון דעם יידישן פּלאַסטיקער: ער האָט אַ שפּראַך, אַ לעבעדיקע פאָלקס-שפּראַך, וועלכע איז שוין אויך אַ פּאַרטיקער אוצר פון פאָלקסטימלעכע פאַרבן, ליניעס און קלאַנגען. גליקלעכער און — אומגליקלעכער: ווייל אויב אַ שפּראַך גיט אָנצוהערעניש אויף אַ באָדן — און דאָס איז אַזאַ גרויסע זאַך! — איז דאָך שפּראַך ניט מער, ווי אַ נאַציאָנאַלע פאָרם; און די שפּראַך פונם מאָלער, פונם פּלאַסטיקער איז דאָך אַן אוניווערסאַלע.

און דאָס איז דעם יידישן מאָלערס געווינס לגבי דעם יידישן וואָרט-קינסטלער: די שפּראַך פון פאַרבן און פאָרמען איז פאַרשטענדלעך אין אַלע לענדער, ביי אַלע פעלקער: דער מאָלער דאַרף ניט איבערגעזעצט ווערן, ווי דער שרייבער, און באַזונדערס ווי דער יידישער שרייבער, וועלכער מוז ווילנדיק און ניט ווילנדיק צוקוקן, ווי „זיין לאַנד“, — זיין שפּראַך און זיין לייענער — ווערן ביסלעכווייז „אַנעקסירט“ פון די מעכטיקערע ארומיקע אימפּעריאַליסטישע און אוניווערסאַלע קולטורן און שפּראַכן. דערפאַר האָט זיך ליִצטנס ביי אייניקע פון אונדז, ווען אפילו ניט ווילנדיק, אויסגעאַרבעט אַ מין צינישער חשד צו אייניקע פון די אַזוי גערונע יידישע מאָלער און סקולפּטאָרן:

— הערט נאָר, — זאָגן מיר צו זיי (און נאָך אָפטער טראַכטן מיר עס נאָר), — אייער שפּראַך, די שפּראַך פון פאָרמען און פאַרבן, פאַרשטייען אַלע פעלקער גלייך; פאַרוואָס-זשע קומט איר מיט אייער קונסט צו אונדז, אין אונדזער אָרעמער, לעצטנס צעבראָכענער און פאַרווונדעטער יידישער גאַס?.... אויב איר קענט מאָלן, פאַרוואָס שטעלט איר ניט אויס אייערע בילדער ביי זיי, ווו מען קען גיכער און בעסער אָפּשאַצן אייערע אַרבעטן? אָדער אפשר זיינט איר געוואָרן „יידישע מאָלער“, ווייל איר קענט ניט מאָלן, און מיט אייער טעמאַטיק ווילט איר נושא-חן זיין ביי אַ פּרימיטיווערן עולם, וועלכער זעט אין יעדער קונסט הויפּטזעכלעך נאָר די טעמע, דעם סיפור-המעשה?. אָדער אפשר זיינט איר געוואָרן יידישע מאָלער צוליב דעם עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער געוועלטיקט לעצטנס פונקט אַזוי שטאַרק צווישן די קונסט-פּראָפעסיעס, ווי צווישן די אַנדערע פּראָפעסיעס פון מיטעלע קלאַסן? וועט איר ניט אַנטלויפן פון אונדז מיט אייער „יידישער קונסט“ באַלד ווי איר וועט זיך אויסלערנען בעסער מאָלן, אָדער ווען „פּראָספּעריטי“ וועט צוריקקומען אויף דער וועלט און אָפּשוואַכן דעם אַנטיסעמיטיזם?

צו אַ שפּאָר ביסל אַזוי גערופענע יידישע פּלאַסטיקער, מיט וועלכע עס איז לעצטנס באַגליקט געוואָרן די יידישע גאַס, איז אפשר באַרעכטיקט צוצוגיין מיט אַזאַ רעאַליסטיש-צינישן חשד.

אָבער ניט צו יששכר-בער ריבאַקן.

ער, דער אזוי פרי פֿאַרשטאָרבענער יידישער פּלאַסטיקער, האָט געהערט צו דעם מנין — אָדער אפשר צוויי מנינים — נייע יידישע פּלאַסטיקער, וועלכע האָבן פֿאַרדינט אָט דעם נאָמען, ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר קענען נאָך ניט גענוי דעפֿינירן דעם עצם באַגריף „יידישער פּלאַסטיקער“.

איך האָב שוין פֿריער געזאָגט, אז יששכר-בער ריבאַק איז געווען אַ פֿולבאַרעכטיקטער און נאַטירלעכער בירגער אין דער קליינער רעפּובליק פֿון דער יידישער קונסט און ליטעראַטור. ער איז איינער פֿון דעם צענדלינג, לערך, יידישע מאָלער און פּלאַסטיקער, וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן אין אָט דער רעפּובליק און זיינען פֿון אירע ערשטע נאַטירלעכע און באַוווסטזיניקע בירגער. די יידישע שפּראַך, די יונגע יידישע ליטעראַטור — מיט איין וואָרט, אָט דער טראַגיש-זיסער „במקום“ פֿון אַ נאַציאָנאַלן קלימאַט און לאַנד — איז געווען דער באָדן, אויף וועלכן ער איז אויסגעוואַקסן. עס איז פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַ צענדלינג אַנדערע יידישע קינסטלער און שריפֿטשטעלער, געווען נאַטירלעך און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך צו זיין אַ יידישער קינסטלער און שריפֿטשטעלער. פּונקט ווי ס'איז נאַטירלעך פֿאַר אַ פֿראַנצויז, צי פֿאַר אַן ענגלענדער, אָן קיין שום חקירות און טעאָריעס, צו זיין אַן ענגלישער, צי אַ פֿראַנצויזישער קינסטלער.

וואָס-זשע דען איז מען, ווען מען אָטעמט די לופֿט פֿון אַ מענדעלע, א פּרץ, אַ שלום-עליכם, און די גאַנצע יונגע יידישע ליטעראטור איז אזוי אייגן און ליב, זוניק און האַפֿערדיק, אַז ס'שמעקט אַזש מיט פֿעלדער-זאַנגען, מיט גאָלדענער תבואה?...

איך האָב אים, ריבאַקן, אינטים ניט געקענט און ערשט לעצטנס האָב איך אויף זיינע לאָנדאָנער אויס-שטעלונגען זיך באַקענט מיט זיינע אַרבעטן. און דאָך האָב איך פֿאַר די לעצטע כמעט צוואַנציק יאָר געוווסט און געקענט ריבאַקן, ווי איינעם פֿון די געציילטע יידישע קינסטלער, וואָס געהערן צו דער משפּחה פּיאָנערן און בויער פֿון אַ יידישער קונסט, וועלכע איז אין תוך יידיש, ווייל זי קומט פֿון די יידישע פֿאָלקס-מאסן, פֿון דער יידישער פֿאָלקסטימלעכער אינטעליגענץ און איז אַזוי לייבלעך-קרובהש פֿאַרבונדן מיט דער יונגער יידישער ליטעראַטור.

און דאָס טראַגישסטע אין ריבאַקס פּריצייטיקן טויט איז דאָס, וואָס ער האָט ערשט אין די לעצטע פֿאַר יאָר זיך אָנגעהויבן באַפֿרייען פֿון די פֿאַרשיידענע איינפֿלוסן און האָט ערשט אָנגעהויבן קומען צו זיך — צו אַן אומגעהויער אינטערעסאַנטער און קינסטלעריש-אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט.

א. טשעריקאָווער (פּאַריז)

# די פֿאָלקס-קונסט און איר יורש

כּוחות אינעווייניקסטע און כּוחות פון דרויסן האָבן אין דער געשיכטע געאַרבעט קעגן דער אַנטוויקלונג פון יידישער פּלאַסטישער שאַפונג. די רעליגיע און דאָס לעבן, הימל און ערד, האָבן זיך פאַראייניקט כדי צו פאַרשפּאַרן יידן דעם וועג צו קונסט. אינעווייניק האָט געווירקט דער שטרענגער דין קעגן פּלאַסטישער געשטאַלטונג און די אייזערנע נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, וואָס האָט געפאָדערט, יידן זאָלן זיך איזאָלירן פון דער אַרומיקער מעכטיקער עסטעטישער קולטור, בכדי צו דערהאַלטן דעם קיום און גייסט אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער וועלט. עס האָט געהערשט די מאָנאָטעיסטישע יידישע רעליגיע, וואָס לאָזט זיך ניט צעבייטן אויף צענדלינגער געטער און געטינס און לאָזט זיך ניט פאַרקערפּערן אין געשטאַלטן, דערנאָך די דיקטאַטור פונם רבנישן ראַציאָנאַליזם, מיט זיין טרוקענער פרומקייט און לומדות, אָדער די עקסטאַטישע קבלה, וואָס האָט געזוכט סודות און ניט קלאָרע פּלאַסטישע פאָרמען. און פון אויסנווייניק האָט געלויערט אַ קייט פון סכנות פאַר אַ פאָלק-אַ וואנדערער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פעסטן באָדן אונטער די פיס. יידן האָבן זיך פון אָנהויב אָן אין גלות געמוזט אָפּזאָגן פון רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע און שוין דערמיט אַליין פאַרלאָרן אַ כּוח, וואָס האָט ביי די אַנדערע געטריבן און אויסגעפורעמט די קונסט.

טריומפירט האָט די קריסטלעכע קירך, און זי האָט געזייט שנאה צו יידן און זייער אמונה דורכן צווייבער פון טעאַטראַלע פאָרשטעלונגען, פון די רעליגיעזע מיסטעריעס, און דורכן צויבער פון פּלאַסטישער קונסט. אין משך פון איבער טויזנט יאָר, פון פרי-מיטלעלטער און ביז דער נייער צייט, איז די אייראָפּעישע קונסט געווען אַ מעכטיקער געצייג אין דער עקספּאַנסיע פון דער קאַטוילישער קירך און איז פון איר אויסגענוצט געוואָרן פאַרן קאַמף קעגן יידנטום. נאָך איצט געפינען מיר אין די אַלטע קאַטוילישע קאַטעדראַלן און קלויסטערס קענטיקע סימנים פון אַזאַ באַקעמפונג: אַזוי איז דער מאָטיוו פון סקאָרפּיאָן אין דער קירכן-מאָלעריי אַ סימבאָליק פון גיפטיק-שעדלעכן יידנטום, און זיין געלע באַפאַרבונג אַ סימבאָליק פון דער יידישער „געלער לאַטע“; אויף די באַרעליעפן ווערט באַוויזן די יידישע סינאַגאָגע

קליין, נישטיק, הינקנדיק און לעבן איר דער קלויסטער — טריומפירנדיק, פעסט און שטאָלץ, אין זיין גלאַנץ און פּראַכט.

קונסט איז שטענדיק געווען אָנגעוויזן אויף הויכע אונטערשטיצער, באַזונדערס אין די אַלטע צייטן. קונסט האָבן קולטיווירט און איינגעפּלאַנצט פון אויבן די קירך, דער קיניגלעכער און פירשטלעכער הויף, דער פּריצישער מעצענאַט. ביי יידן האָבן אָבער די דאָזיקע עלעמענטן געפעלט. די יידישע רעליגיע איז געווען די פאַרשטויסענע און פאַריאָגטע, דער יידישער קלער — אָרעם און אָפּגעשטאַנען, און דער יידישער גאָלד-מאַגנאַט האָט זיין אייגענעם פאַרמעגן דאָס רוב געהאַלטן אין מטבעות, דימענטן און שטיינער, וואָס מ׳קען זיי לייכט באַהאַלטן, אָדער מיטנעמען אין אַ צייט פון גזירה אָדער גירוש. ווי-זשע איז מעגלעך געווען די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון קונסט דאָרטן, ווו מ׳האָט געהאַלטן אין איין וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד, ווו דאָס לעבן איז געווען נאָר אַ שטילשטאַנד צווישן איין שטורעם און דעם צווייטן, צווישן אַ גירוש און אַ גירוש, און ווו דערביי האָט דער ספר אומבאַגרענעצט געוועלטיקט אינעווייניק איבער די מוחות און געמיטער? ווען און ווו האָבן יידן, ביי אַזעלכע אומשטאַנדן, געקענט שאַפן מאָנומענטאַלע קונסט? אַפילו ווען יידן זאָלן האָבן דעם שטאַרקסטן געפיל פאַר פּלאַסטיק, זיינען זיי ניט געווען ביכולת אַרויסברענגען אַזעלכע מאָנומענטאַלע קונסט-ווערק, ווי די אַרומיקע פעלקער. די סיקסטינער קאַפּעלע, אָדער דער קעלנער דאָם, דער פּאַריזער נאָטר-דאַם, אָדער די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אַיאַ סאָפיא, דער מאָסקווער קרעמל און די קונסט-דענקמאָלן פאַר מאָנאַרכן, קיניגן און קריג-פירער, די אייראָפּעישע אַרכיטעקטור, מאָלעריי און סקולפּטור, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיטן מאַיעסטעטישן גייסט פון שטאַרקע, וואָלטן זיך ביי יידן אויף זייערע וואַנדער-וועגן ניט געקענט אַנטוויקלען, אַפילו ווען דער יידישער דין קעגן קונסט, דער לאו פון דער תורה, וואָלט ניט עקסיסטירט.

דאָרט, ווו דער דרוק פון אַרום פלעגט אַביסל אָפּלאָזן, האָבן זיך יידן ניט אָפּגעשטעלט פאַר ברעכן דעם דין. דער בעסטער באַווייז איז די ניט לאַנג אויסגעגראָבענע סינאַגאָגע אין דער אַמאָליקער שטאָט דוראַ — אייראָפּאָס. אין אָט דער שטאָט, אינמיטן די קאַראַוואַן-וועגן פון מעסאָפּאָטאַמיע, צווישן פּרת און טיגער, — דאָרט, ווו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען דאָס וויגעלע פון יידישן פאָלק, — האָבן די אַרכעאָלאָגן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געפונען אַ פאַרשאָטענע יידישע שול, פון דריטן יאָרהונדערט, מיט ווונדערלעכע מאָלערייען אויף די ווענט פון אויבן ביז אַראָפּ, און ניט נאָר מיט אָרנאַמענטן און חיות, נייערט אויך מיט מענטשלעכע געשטאַלטן. אָבער יידן האָבן ניט זעלטן געבראָכן די טראַדיציע אַפילו אין די פינסטערע צייטן פון גלות. גראָד אין די יאָרהונדערטער פון גרויסן פיין, אין דרייצנטן און פערצנטן, באַווייזן זיך פּרעכטיקע מיניאַטורן פון יידישע קינסטלער אויף די פּערגאַמענטן פון הייליקע כתבים; פון יענער צייט שטאַמען אויך די באַרימטע אילוסטרירטע סאַראַיעווער און דאַרמשטעטער הגדות, די אילומינירטע כתובות; פון אַ ביסל

אַ שפּעטערדיקער צייט — די מצבות אויפן פּראָגער בית-עולם. יידן האָבן דעמאָלט צוגעלעגט זייער האַנט אפילו צו אַזאַ פרעמדן געביט, ווי אַרכיטעקטור, און דער פּרעכטיקער קלויסטער אין טאָלעדאָ, סאַנטאַ מאַריאַ דע בלאַנקאַ, איז אַ געוועזענע שול פון די אַרויסגעטריבענע ספרדישע יידן. און ווער קען וויסן, וויפל קריסטלעכע קונסטווערק זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די הענט פון יידן-מאַראַנען? פאַרטריבענע יידישע קינסטלער נאָכן גירוש שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן פאַרטראָגן זייער קונסט קיין צפון-איטאַליע, קיין אַמסטערדאַם אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע און אויף די אינזלען פון אָריענט.

סוף מיטלאַלטער און אָנהויב דער נייער צייט, גראָד ווען אין דער אייראָפּעישער וועלט האָט אויפגעבליט דער הומאַניזם און עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטראַלן פון רענעסאַנס, איז פאַר יידן געווען אַ צייט פון גרויסן שטורעם, וואָס האָט חרוב געמאַכט די אַלטע יידישע צענטרען אין מיטל-אייראָפּע און פאַריאָגט גרויסע יידישע מאַסן קיין מזרח — אין פּוילן, ליטע און שפּעטער אוקראַינע. דאָ האָט דער רבנישער דין נאָך שווערער אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויפן יידישן גייסט, יידן זיינען נאָך פעסטער איינגעזייערט און איינגעזאַלצן געוואָרן, ווי הערינג אין אַ פאַס, דער שולחן-ערוך האָט פולקום באַוועלטיקט דעם געמיט, די פרומקייט איז שטרענגער געוואָרן. ניט געקוקט אָבער אויף דער אַסקעטיש-פאַנאַטישער אַטמאָספער, איז דער געפיל פאַר קונסט ביי יידן ניט אָפּגעשטאָרבן. ער איז נאָר אַריינגעיאָגט געוואָרן טיף אינעווייניק און האָט זיך לעגאַליזירט אין אַן אַנדער גילגול — אין דער פאָרם פון קונסט-מלאכה, דער עיקר פאַר רעליגיעזע צוועקן. די פאָרם איז געווען אַ פּרימיטיווע, אין פאַרגלייך מיטן גלאַנץ פון דער מאָנומענטאַלער און ראַפינירטער קונסט ביי די אַרומיקע פעלקער, אָבער זי איז געווען אַן אינטימע, אַן אייגענע. גראָד דאָ, אין מזרח-אייראָפּע, האָט מיט אַ באַזונדער קראַפט, צווישן דער שול, דעם בית-עולם און דעם אַלטן מאַרק אין שטעטל, אויפגעבליט, באַזונדערס אין 17-טן און 18-טן יאָרהונדערט, די יידישע פ אָ ל ק ס-ק ו נ ס ט.

ווי בכלל פאָלקס-קונסט, איז אויך די יידישע געווען אַן אַ נ אָ נ י מ ע. קינסטלער פון פאָלק, וואָס מ'האָט ניט געקענט זייערע נעמען, האָבן זיך גענומען באַפּוצן די שול און די שטוב. זיי האָבן באַדעקט מיט מאָלעריי דעם סופיט און די ווענט פון בית-המדרש, געשניצט באַרעליעפן פאַר דער בימה, ארון-קודש און עמוד, געמאָלט מזלות און מזרחס; מאָדעלירט און אויסגעגאָסן חנעוודיקע מנורהס און הענגלייכטער, כתרים אויף ספרי-תורות, חנוכה-לאָמפּן, קידוש-בעכער, האדעסן, קערות אויף פּסח און פאַר הבדלה, מעשענע שול-רעפלעקטאָרס, לעפל צו דער טהרה, זילבערנע איינבונדן פאַר קרבן-מנחהס; געשניצט און געטאָקט עץ-חיימס, ידן, שטענדערס און כסא-אליהוס; געהאָפטן פּרוכתן, כפורתן און מענטעלעך; אילומינירט און באַצירט כתובות, מגילות, שער-בלעטלעך, תקנות פון חברות און פּנקסים; זיי האָבן באַפּוצט דעם בית-הקברות און געשאַפן די וווּנדערלעכע אָרנאַמענטיק אויף די מצבות און דערהויבן די גראַפיק פון יידישן

אלף-בית צו אמתער קונסט. זיי האָבן געאַרבעט איבער גאָלד, זילבער, בראָנדז, קופּער, מעש, צין, איבער שטאָף, האָלץ און פּאָרצעליי, איבער גלאָז און שטיין. זיי האָבן אַריינגעבראַכט אַ ים מיט נייע מאָטיוון. אין די צוועלף מזלות האָבן זיי אַריינגעמאָלט לייבן, לעמפּערטן, הירשן, בערן, אויף די מצבות אויסגעהאַקט ווידער לייבן און הירשן, טויבן און ציגעלעך און אַמאָל אויך געזינדיקט מיט אַ מענטשלעכער פיגור. דאָס איז געווען קונסט באמת פאַרן פאָלק: פון דער באַפּוצטער שול האָט יעדער ייד געקענט הנאה-האָבן, דער בית-עולם האָט געהערט אַלעמען, און ווער ס'האָט זיך געקענט פאַרגינען, האָט זיך אויך איינגעשאַפן קונסט-חפצים אין שטוב. אַזוי האָבן די אַנאָנימע קינסטלער אַריינגעטראָגן קינסטלערישע פרייד אין פינסטערן לעבן און אויסגעפלאָכטן אַן אָרנאַמענט ארום דעם וויסטן געטאָ.

די דאָזיקע אוצרות פון פאָלקס-שאַפן זיינען דאָס רוב צו אונדז ניט דערגאַנגען. ניט נאָר צוליב די מלחמות, פּאָגראָמען און שריפות, אָדער צוליב דעם, וואָס אָפט האָט מען די טייערע שול-חפצים פאַרזעצט פאַר קהילה-חובות ביי קריסטלעכע קרעדיטאָרן און אַפילו ביי די מאָנאַסטירן, נאָר אפשר אין אַ גרעסערער מאָס אויך צוליב אונדזער אייגענעם וואַנדאַליזם און אונדזער קולטורלאָזיקייט. מיר האָבן די ירושה ניט אָפּגעהיט און ניט קאָנסערווירט די פּראָדוקטן פון פאָלקס-שאַפן פאַר די ווייטערדיקע דורות. צום ערשטן מאָל האָט זיך די אייראָפּעיִשע וועלט, און מיט איר אינאיינעם אויך די יידישע, מיט חידוש דערוווסט וועגן היסטאָרישע יידישע קונסטווערק פון דער פאַריזער אויסשטעלונג אין 1878, פון דער שטראַוס-קאָלעקציע (איצט — אין מוזיי קליני). אַ לאַנגע צייט נאָך האָט זיך די יידישע אינטעליגענץ אויף זיי ניט אַרומגעקוקט.

אָבער אַפילו דאָס ביסל, וואָס איז ניצול געוואָרן פון פרעמדן און אייגענעם חורבן, זאָגט עדות וועגן גרויסער קינסטלערישער קראַפט. אַ פאָלק אָן אַ קונסט-געפיל וואָלט קיינמאָל ניט געקענט באַשאַפן אַזעלכע וווּנדערלעכע פּרימיטיוון, ווי די מאָלעריי אין מאָהילעווער שול, מיט איר פאַנטאַסטישער טורעם-שטאָט, מיטן נחש-עקלתון אַרום, די שול-מאָלעריי אין גריצע, מיט דער סימבאָליק פון נהרות-בבל, ווי די שול-מאָלערייען אין די שטעטלעך יאַבלאָנאָוו און קאָפּיסט און די פיינע אָרנאַמענטיק און שריפט אויף די ווענט פון כאָדאָרקאָווער שול. ווער זיינען זיי געווען, אָט די שטילע מיים־טערס? ווער האָט געשניצט און באַפּוצט דעם ארון-קודש אין ווישעגראָד מיט די פּרעכטיקע פּאָליסטרעס אַרום, דעם ארון-קודש אין שאַראָווקי, די טירלעך פון די ארון-קודשים אין טיקטין און אין דער אַלטער ווילנער שול, דעם עמוד אין לוצק, די מנורות אין דער לובלינער פרנס-שול, געהאָפטן די פּרוכתן אין טיקטינער און ווישעגראַדער שולן? ווער האָט אויסגעהאַקט די וווּנדערלעכע אָרנאַמענטן, טויבן און הירשן, דעם געבראָכענעם לעבנס-בוים און די נאַנצע סימבאָליק אויף די יידישע מצבות, די האַרמאָנישע גראַפיק פון די יידישע אותיות? אָן אַ געבוירענעם קינסטלערישן חוש וואָלט ניט מעגלעך געווען צו שאַפן די מצבה פון דער בתולה מרת מרים, אין ליפּקאַני, מיט אַזאַ פיינער האַרמאָנישער פּשטות, אָדער די מצבות אויף די בית-

עלמינס אין טשערנאָוויץ און סערעט, אָדער די לעמבערגער מצבה, פון 1618, פונם פרנס נחמן בן־יצחק און זיין פרוי „די גילדענע רויזע“ אין אַ ריינעם באַראָק־סטיל, אַפילו מיט אַ נאַקעטער מענטשלעכער פיגור אינם מעדאַליאָן אונטערן „פּ. נ.“, אָדער דאָס לובלינער זילבערנע טהרה־לעפל מיט דער מיסטישער טויטער פיגור אינמיטן און די טויטע קעפּ אַרום, וכדומה, וכדומה ווונדערלעכע פאָלקס־פּרימיטיוון.

די געשיכטע האָט אונדז איבערגעלאָזט נאָר עטלעכע נעמען פון אָט דער מחנה אַנאָנימע קינסטלער. דורך אַ צופאַל איז באַקאַנט געבליבן, אַז די מאָהילעווער מאָלעריי איז געמאַכט געוואָרן „על ידי הפועל העוסק במלאכת הקודש חיים בהר“ר יצחק אייזיק סגל“, אַז די שול־חפצים אין פּאָגרעבישטש — דורכן „מעדניק ברוך“, דער ארון־קודש אין אוזליאַני — דורכן האָלצשניצער בער בן ישראל, אַז די פיינע אַראַבעסקן אויפן פּאָגרעבישטשער סידור פון 1735 האָט געמאַכט דער מיניאַטוריסט אַריה יהודה־לייב, די חיות אינם מהזר פון דער וואָלפער שול — חיים בן מאיר, די קונסט־מצבות אויפן טשערנאָוויצער בית־עולם — די משפחות שטיינהאַקער פיקער און שטיינמעץ. די און נאָך אַ פּאָר נעמען זיינען פאַרבליבן, אַלע אַנדערע זיינען פאַרגעסן געוואָרן. יעדן פּוסטן רבנישן ספרל פון אַמאָל וועגן פלפול אָדער קבלה האָבן ביבליאָגראַפן שפּעטער מיט זאָרג פאַרצייכנט און אָפט באַשריבן, ווער האָט זיך אָבער אַרומגעקוקט אויף די שטומע שאַפער פון אונדזער פאָלקס־קונסט?

מען זאָגט: אין לאַנד פון בלינדע איז אַן איין־אויגיקער אַ קיניג, און מען דאַרף ניט מגזם זיין דעם קינסטלערישן ווערט פון יידישן פאָלקס־פּרימיטיוו, וואָס איז ניט אָריגינעל און האָט נאָכגעמאַכט די אַרומיקע פעלקער. אַזוי זאָגן די, וואָס האָבן ניט קיין חוש פאַר דיאַלעקטן אין קונסט.

אמת, די יידישע פאָלקס־קינסטלער האָבן אָפט סטיל און טעכניק געגנאַשט פון דער ניט־יידישער וועלט. זיי האָבן אָבער גענומען ניט נאָר וואָס עס לאָזט זיך, נייערט אויך וואָס עס פּאַסט זיך פאַרן יידישן גייסט און אינעווייניקסטן געשמאַק. האָבן דאָס גענומענע איבערגעדיכטעט אין אַן אייגענעם סטיל, אַריינגעטראָגן פאָלקס־שטריכן און פאָלקס־פאַרבן, און אַזוי האָט זיך באַקומען די „יידישע ליניע“. ניט קיין אויסגעליענער און געקינצלטער סטיל, נאָר אַן אייגענע, אַ יי ד י ש ע קונסט. די, וואָס פּרוּוון פאַר אונדזערע אויגן צו איגנאָרירן די פאָלקס־שאַפונג אין די תקופות פון גלות און גיבן אַ שפּאַן אויף צוויי טויזנט יאָר צוריק צו רעסטאַווירן דעם ביבלישן סטיל, פון וועלכן ס'איז גאָר כמעט קיין זכר און רמז ניט פאַרבליבן, — די פאַלן אַריין אין אַ זיס־אָריענטאַלישער נאָכמאַכעניש און קאָמבינירן אויס אַ סטיל, וואָס האָט מסתמא קיינמאָל ניט עקסיסטירט. אַזוי טוט, למשל, די „בצלאל“־שול און אַזוי טוט אויך דער באַקאַנטער פויליש־יידישער קינסטלער אַרטור שיק, וואָס זיינע הגדה־אילוסטראַציעס זיינען פיין נאָכגעמאַכטע פּערסישע מיניאַטורן און האָבן מיט אמתדיקער יי ד י ש ע ר קונסט ווייניק וואָס צו טאָן. „שלילת הגלות“ אין קונסט הייסט אָפּרייסן זיך פון די שאַפונגס־קוואַלן פון אַ לעבעדיקן פאָלק.

ריבאַק איז דער יורש פון אַנדזערע אַמאָליקע אַנאָנימע פאָלקס-קינסטלער. און האָט ער געלעבט מיט הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר צוריק, וואָלט ער שטיל און אומבאַמערקבאַר כל-ימיו געווען אַריינגעטאָן אין אָט דער „מלאכת-הקודש“, געמאָלט מזלות אויף קופּאָלן פון קליינשטעטלשע שולן, אָדער געהאַקט אָרנאַמענטן מיט ציגעלעך, הירשן און טויבן אויף מצבות, געשניצט און מאָדעלירט די נאַיווע פאָלקס-פּרימיטיוון, און ערגעץ-ווו וואָלט ער אפשר מיט קליינע אותיעלעך זיך אונטערגעשריבן „יששכר-בער בן משה, המכונה ריבאַק“, און אפשר — ניט. איז אים, און אויך אונדז, באַשערט געווען צו לעבן אין אַ צייט, ווען די פאַרזייערטע פּאַס פון געטאָ האָט שוין לאַנג געפּלאַצט, דער אַלטער שטייגער און די באַגריפן פון שטעטל זיינען אָפּגעשטאָרבן, ווען אונדזער גייסט איז געוואָרן פריי. איז ער געוואָרן אַ מאָדערנער קינסטלער, און די קונסט גופא איז געוואָרן זיין „מלאכת הקודש“. אָבער מיט געהיימע און אינטימע פעדים איז ער טיף פאַרבונדן מיט די אַמאָליקע יידישע פאָלקס-טאַלאַנטן, מיט זייער גייסט און פאָלקס-טראַדיציעס און איז געוואָרן אַ גילגול פון זיי, אַריינגעוואַקסן אין דער מאָדערנער קונסט.

עס איז זיך באמת צו וווּנדערן, ווי אַזוי דער דיבוק פון פאָלקס-קונסט איז אַריין אין ריבאַקן. זיין היים-שטאָט יעליסאַוועטגראַד איז כלל ניט געווען יענע סביבה, פון וועלכער מ׳זאָל קענען ירשענען דעם גייסט פון פאַרגאַנגענע דורות. ווי אַלע שטעט אין דער אַנגעלאָפענער נאָוואָראָסיע, איז יעליסאַוועטגראַד ניט געווען קיין טיפּיש יידישע שטאָט, מיט אַן איינגעפונדעוועטער טראַדיציע, מיט אַלטע שולן און בית-עלמינס, מיט בעלי-תורה און חסידישער סביבה. אַ שטאָט אַ האַלב פאַרגויישטע, ווו די אָרטיקע מנחם-מענדלס האָבן גערעדט אַ נאָוואָראָסיער יידיש, איבערגעמישט מיט אַ שלעכטן פאַראוקראַיניזירטן רוסיש. אויך ריבאַקס שטוב און דער חדר האָבן ניט געהאַט אין זיך די האַרמאָנישע טראַדיציאָנעלע אייגנאַרטיקייט פון אַ ליטע, אוקראַינע אָדער פּוילן. און געוויס האָט דער קליינער ריבאַק ניט געקענט ירשענען יידישע קונסט-טראַדיציעס, אַרבעטנדיק אין אַן „אַרטעל“ פון רוסישע פאַרבער און מאָלענדיק די פּראַוואָסלאַווּנע הייליקע בילדער אין די דאָרפישע קלויסטערס. די אומשטאַנדן האָבן אים דערצו געצווונגען, אָבער דער אַטאַוויסטישער יידישער קונסט-גייסט האָט זיך דערפאַר אָפּגערעכנט, אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און האָט גראָד אים אויסגעקליבן פאַר זיין יורש און שליח. אויסגעוואַקסן אינם טייל שטאָט, ווו ס׳האָט געלעבט די יידישע אָרעמקייט, אַ מאַסע, וואָס האָרעוועט ביטער איבערן טרוקענעם שטיקל ברויט און פאַרלירט ניט אַזוי לייכט איר יידישן פּרצוף, האָט ריבאַק אַליין ניט געפילט, ווי טיף און ענג ער איז געוואָרן פאַרבונדן מיט איר היסטאָרישן גורל און אויך מיט אירע באַהאַלטענע קינסטלערישע עמאָציעס.

ער האָט מסתמא אַליין ניט געוווּסט, פאַרוואָס ציט אים אַזוי אויסצושטעלן, ווי אויף צו להכעיס, גראָד אויף יידישע טעמעס אין דער יידן-אומפריינטלעכער אַטמאָספער פון דער קיעווער מאָלער-שול. און אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און מיט איר די רדיפות און בילבולים אויף יידן, דער שטראָם פליטים און

דער חורבן פון יידישן שטעטל, האָט ריבאַק, נאָך אַ יונגער, אָבער רייפער קינסטלער, דערפילט דעם גרויסן ציטער פאַרן גורל פון פאָלק און אויך פאַרן גורל פון זיינע קונסטווערק און האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער די אַלטע יידישע שטעטלעך צו ראַטעווען זיי, זאַמלען און קאָפּירן. עס איז אַן איבעריקער באַווייז פון אונדזער קינסטלערישער קולטורלאָזיקייט, וואָס אָט דער אוצר, ריבאַקס גראַפיק פון יידישער פאָלקס-קונסט, איז צום ווייניקסטן באַקאַנט און איז נאָך ביז איצט נית אַרויסגעגעבן געוואָרן.

ריבאַק, דער אומבאַוווסטזיניקער יורש פון די אַמאָליקע יידישע פאָלקס-מייסטערס, איז געווען אַ קינד פון דער פאַר-רעוואָלוציאָנערער תקופה אין רוסלאַנד, און האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך איר סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן פּאַטאָס. די דאָזיקע צוויי מאָמענטן האָבן אויסגעפורעמט זיין קינסטלערישע פערזענלעכקייט. אָבער אַן אַ גאָט-געבענטשטן טאַלאַנט וואָלט ער די ירושה נית געקענט אַזוי דערהויבן. עברי-טייטש און זשאַרגאָן זיינען דערהויבן געוואָרן צו אַ יידישער שפּראַך דעמאָלט, ווען אונדזערע וואָרט-קלאַסיקער האָבן דאָס געדערטע פון פאָלק איבערגעדיכטעט אין אַ ליטעראַטור. די פּרימיטיווע יידישע פּלאַסטיק וועט ווערן אמתע יידישע קונסט דעמאָלט, ווען אונדזערע קונסט-מייסטערס וועלן זי איבערדיכטן אין גרויסע ווערק.

און אַזאַ קונסט-מייסטער און דיכטער, דער ערשטער און דער שטאַרקסטער, איז געווען ישׂשכר-בער ריבאַק.

## נחום אַראָנסאָן (פּאַריז)

ריבאַק איז געווען אַן אמתדיקער קינסטלער, אַ גאָט-געבענטשטער. זיינע בילדער האָט ער געמאָלט מיט גאָר דעם ציטער פון זיין נשמה, מיט גאָר זיין האַרץ, וואָס האָט פון געבוירן אַן געבלוטיקט. ריבאַק איז פון די ווייניקע מאָלער, וועמענס בילדער רירן אייך און אַנטציקן, נאָך איידער דאָס אויג האָט באַוויזן אַרומצונעמען אַלע פּרטים פון דעם בילד. זיין קונסט דרינגט אַריין אין אייער נשמה ביז שמערץ און רופט אַרויס טרערן.

ריבאַק איז דער טרויעריקער דיכטער פון געטאָ. ער האָט אויסגעפונען זעלטענע קלאַנגען צו באַזינגען די אומעטיקע געטאָ-וועלט, מיט אירע קליינע פריידן, וואָס זיינען איבערגעמישט מיט טרערן. פון אַלע קינסטלער-דיכטער פון געטאָ איז ער דער פּאַטעטישסטער, דער לירישסטער, וואָס ווייטאָקט אַליין און דערפאַר רירט ער אַזוי אויך די אַנדערע. ער לאָזט זיך אַראָפּ אין די פינסטערע קעלערס פון די יידישע בעלי-מלאכות און ברענגט אַהין מיט זיך טיפע פאַרשטענדעניש, ליבשאַפט — און זיינע פאַרבן. ער וואַרט אָפּ דעם יידישן עופות-הענדלער און וואַסערטרעגער, ער נעמט אַריבער אויף זיינע פּלייצעס אַ טייל פון זייער שווערער משא און דיכטעט זיי איבער דורך דעם טאַלאַנט פון זיין פּענדזל. ער פירט אונדז אַוועק אויף אַ יידישער התונה, באַווייזט אונדז אירע טיפן און באַשיינט זיי מיט זיין רירנדיקן טרויעריקן שמייכל, מיט זיין ביטערן הומאָר. אין דער מיסטיק פון זיין פאָלק און אין זיין עצבות דורך שמייכל האָט ריבאַק געפונען די שאַרף-וויברירנדיקע טענער און פון זיי געשאַפן די סימפאָניע פון זיינע פאַרבן, פון וועלכע ס'זינגט אַרויס זיין יידיש האַרץ, זיין יידישער אומעט און דער טיף-יידישער רחמנות.

ריבאַק האָט דער ערשטער, אינאיינעם מיט ש. אַנסקין, עולה-רגל געווען אין די יידישע שטעטלעך און דאָרט געצייכנט די אַלטע יידישע שולן, בכדי דערנאָך צו באַווייזן דער וועלט, וואָס פאַר אַ טיפער נאַציאָנאַלער אינהאַלט עס ליגט באַהאַלטן אין דער אַרכיטעקטור פון יידישן פאָלקס-סטיל. רחבות און דערשלאָגנקייט, פרייד און טרערן, ריינע, הייליקע פּשטות און אומריינקייט פון נויט, שיינקייט און פאַרקריפּלטקייט ביי זיין

פאָלק — דאָס אַלץ האָט אים אין דער גלייכער מאָס צוגעצויגן און־, באַגייסטערט און עקספּאַנסיוו, זוכט ער אַ סינטעז פונם געראודפטן פאָלק — אַ ביטער אַראָמאַט פון זיין אוראַלטן גייסט.

ריבאַק, אַ קינסטלער פון גרויסן טאַלאַנט, אַ מענטש פון גרויסער נשמה, האָט דעם פאָלק אָפּגעגעבן זיין לעבן און דעם ברען פון זיין שאַפונג. ריבאַק איז אַוועק פון דער וועלט, ניט גענוג אָפּגעשאַצט פון יענע, פאַר וועמען ער האָט געשאַפן. און וועגן דעם, מער ווי וועגן עפּעס אַנדערש, מער אַפילו, ווי וועגן ריבאַקן אַליין, פיל איך אַ באַדערפעניש צו זאָגן מיין וואָרט. און אויב מיין וואָרט וועט דערהערט ווערן און העלפן אויפצוועקן די, וואָס זיינען פאַרזונקען אין שלאָף און ווילן ניט הערן, — וועט אָט דער נס זיין דער בעסטער קראַנץ אויף ריבאַקס קבר.

צו די, וואָס זייערע אויערן זיינען פאַרשטאָפּט, צו אונדזערע אַזוי גערופענע מעצענאַטן-גבירים, צו יענע, וואָס האַלטן זיך נאָך פאַר יידן, ווענד איך זיך מיט מיין רוף פון לעצטער רעטונג, אין דער פאָרם פון אַ פאַר פראַגעס:

פאַרוואָס לאָזן זיי אונטערגיין אין דחקות אונדזערע גרויסע קינסטלער, וואָס זיינען טריי איבערגעגעבן און דינען זייער פאָלק? פאַרוואָס וואַרפן זיי מיט געלט אויף רעכטס און לינקס, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ניט-יידן, און קערן זיך אָפּ פון אונדזערע יידישע קינסטלער, וועלכע שטייען אָפּט אַ סך העכער, לויט זייער טאַלאַנט און חשיבות, פון די, וואָס ווערן פון זיי מעצענירט?

צי קען דערלאָזט ווערן, אַז אין אונדזער צייט, ווען דער בייטש פון רדיפות שלאָגט אונדז און פייניקט מער ווי ווען ניט איז, זאָלן די אַזוי גערופענע יידישע מעצענאַטן אָפּזאָגן זיך צו שטיצן יידישע קינסטלער, וואָס דורך זייער טאַלאַנט קענען זיי טיפער, ווי ווער ניט איז, דערפילן די נאַציאָנאַלע ליידן און פאַרלייכטערן זיי מיטן אָטעם פון שיינקייט און קונסט?

פאַרוואָס האָבן מיר ניט קיין הויז פאַר יידישע קינסטלער, קיין געזעלשאַפט צו שטיצן יידישע קונסט, קיין סטיפּענדיעס פאַר יונגע יידישע טאַלאַנטן, וואָס נויטיקן זיך אין אַ גוטער שול?

מיין טיפסטער ווונטש איז, אַז מיין רוף זאָל דערהערט ווערן. הונדערטער אמתע יידישע קינסטלער, וואָס זיינען איבערגעגעבן זייער קונסט און זייער פאָלק, גייען אונטער פאַר אונדז אין די אויגן פון נויט און דחקות און האָבן ניט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן. מען מוז אויפהאַלטן און אָפּהיטן אונדזערע שעפערישע כוחות, בכדי די בעסטע טאַלאַנטן זאָלן ניט אַוועקגיין פון אונדז אַזוי יונג, אין זייער פולער בליונג. דאָס פאַדערט דער כבוד פון אונדזער גרויסן פאָלק.

## מאַנע-קאַץ (פּאַריז)

# בלעטלעך זכרונות

דאָס יאָר 1911. צו אונדז אין דער קונסט-שול אין קיעוו, ווו איך לערן שוין א יאָר צייט, איז אָנגעקומען אַ נייער שילער, ערגעץ פון יעליסאַוועטגראַד.

מ'דערציילט זיך גאָר אַן חידושים פון אים. ער איז זייער יונג, נאָך קיין 14 יאָר ניט אַלט, און אַרבעט שוין מיט פאַרבן. דער „נאַטיור-מאָרט" וואָס ער האָט געמאַכט אין קלאַס זאָל זיין זייער פיין. ס'פאַרשטייט זיך, לויף איך גלייך זען, וואָס דער נייער שילער האָט געמאַכט. ער אליין איז ניטאָ, אָבער דער לייוונט, אויף וועלכן ס'איז אויסגעמאָלט אַ קאַוון, אַ קאַבאַק, אַ פּאָר ציבעלעס, איז פילפאַרביק, העל און מיט טעמפּעראַמענט.

אַ פּאָר טעג שפּעטער, לויפנדיק און שפּרינגענדיק פון איין טרעפּ אויפן דריטן אַראָפּ-צו, באַגעגן איך א יינגל אין אַן אוקראַאיניש העמדל, א רויקן, מיט גרויסע אויגן, וועלכער גייט לאַנגזאַם אויף די טרעפּ אַרויף. מיר גיבן זיך אַ קוק איינער דעם צווייטן אין די אויגן, און איך פרעג אים אין רוסיש:

— עטאָ ווי נאַפּיסאַלי נאַטיור מאָרט (דאָס האָט איר געמאַכט דעם „נאַטיור-מאָרט")? און ווי הייסט איר?

— ריבאַק — ענטפערט ער מיר.

— ווי יעווורעי (איר זענט אַ ייד)? — פרעג איך אים שטיל.

— יאָ — זאָגט ער מיר אויף יידיש. און מיר זיינען גלייך געוואָרן חברים, ווי עס קענען זיך נאָר צוויי יידישע יינגלעך אין אַ פרעמדער רוסישער סביבה הברן איינער מיטן אַנדערן.

און יעדן טאָג לויף איך שוין קוקן וואָס מאָלט מיין נייער חבר. ער איז אין אַ העכערן קלאַס, ווי איך (איך האָב ניט געהאַט קיין מזל אין דער שול). איך באַוווּנדער די מאָלעריי פון ריבאַקן, און ער ווייזט מיר גאָר, אַז ער קען אויסבויגן דעם גראָבן פינגער אַזוי ווייט, אַז טאָמער קלעקן אים ניט קיין בערשטלעך, מאָלט ער צו מיטן גראָבן פינגער.

ס'גייט אַדורך אַ יאָר. די מאָלער-שול באַפרידיקט אונדז שוין ניט אַזוי, ווי אין אָנהויב. און גייענדיק איבער די קיעווער גאַסן אין די ווינטער-אָוונטן, ווען דער פראָסט קנאַקט אונטער די פיס, האָלב-פאַרשאָטענע

פון ריין־ווייסן שניי, וואָס פאַלט געדיכט אויף אונדז, בייטנדיק איין פאַרפרוירענע האַנט אויף דער אַנדערער, אין וועלכער מיר טראָגן די ביכער, מיטן מאָל־קאַסטן אויף די פּלייצעס, באַמערקן מיר ניט דעם אָפּשיין פון די לאַמטערנעס פון דער גרויסער שטאָט אויף דעם האַלב־בלויען, האַלב־רויטן שניי; מיר באַמערקן ניט די שיינע רעסטאָראַנען מיטן געשמאַקן ריח, וואָס שלאָגט פון זיי, הגם מיר זיינען שטאַרק הונגעריק. ריבאַק רעדט נאָך אַלץ מיט מיר וועגן יידישער קונסט. מיר זיינען פאַרט ניט ווי אונדזערע רוסישע חברים, מיר זיינען יידן. פאַרוואָס זאָלן מיר ניט מאָלן דאָס, נאָך וואָס מיר בענקען אַזוי, — אונדזער שטעטל?

און קומענדיק נאָך די חגאות פון דער היים צוריק אין דער מאָלער־שול, ברענגט ריבאַק מיט נייע ביל־דער פון יידן — טאַנצנדיקע יידן, לאַנגע, שמאָלע. אַמאָל אַ וואַסערטרעגער, אַמאָל אַ בעל־עגלה און אַמאָל גאָר אַ ציגעלע. מיר האָבן נאָך דעמאָלט ניט געוווסט פון אַ שאַגאַל; דער גרעסטער מאָדערניסט איז פאַר אונדז געווען דער באַרימטער רוסישער מאָלער רעפּין; דער „פוטוריסט“ מאַניעוויטש, וועלכער איז אין יענער צייט גע־ווען זייער פּאָפּולער אין קיעוו, איז פאַר אונדז אינגאַנצן ניט געווען פאַרשטענדלעך.

די לערער פון דער מאָלער־שול האָבן אַלץ געוואָלט איינרעדן ריבאַקן, ער זאָל אויפהערן מאָלן „יידישע סיוזשעטן“. מ׳האָט אים אַפילו געשטערט צוליב דעם אריבערצוגיין אין אַ העכערן קלאַס. אָבער ריבאַק פלעגט אויף די אַלע רייד ענטפערן מיט אַ שווייג, און אויף דער נייער אויסשטעלונג פון דער שול פלעגן מיר זען ווידער אַ יידיש בילד, אונטערגעשריבן דייטלעך: „ריבאַק“.

אין יאָר 1913 בין איך אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז. ריבאַק און נאָך חברים האָבן מיך באַגלייט צום באַן. אין פּאַריז האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע וועלט. איך האָב געשריבן וועגן דעם ריבאַקן און האָב באַקומען אַן ענט־פער, אַז ער פאָרט אויך אינגיכן אַרויס.

שפּעטער איז ער מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן, נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה־צייט, און ערשט אין יאָר 1922 האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן — אין בערלין. מיר זענען שוין מער ניט קיין קינדער, יעדער פון אונדז האָט שוין זיין וועג, זיין לעבן, זיינע מיינונגען. אָבער דאָס „פּינטעלע ייד“ איז ביי אונדז ביידן גע־בליבן ווי געווען — קינדעריש־ריין. און זיצנדיק אין „ראָמאַנישן קאַפע“, האָבן מיר ווייטער גערעדט פון יידישער קונסט, פון קונסט בכלל, פון דעם, וואָס מיר ווילן אויפטון און וואָס מיר מוזן אויפטון.

און אָט זיינען מיר שוין ביידע אין פּאַריז. איך — אַן אַלטער „תושב“. ריבאַק — נאָך אַ גאַסט. מיר שלעפּן זיך אַרום איבער די גאַסן, איבער די מוזייען און אויסשטעלונגען. ריבאַק קוקט אויף אַלץ, רעדט ניט קיין סך, נאָר אַז ער מאַכט אַ באַמערקונג, איז דאָס אין פּינטל און פול מיט געפיל. און אַז מיר ווערן פאַרמאַטערט פון די שווערע פראַגן, וואָס מיר שטעלן איינער דעם אַנדערן, דערמאָנען מיר זיך אין קיעוו, אין אונדזער יוגנט, אין אונדזערע חלומות.

אויף מאָנפּאַרנאַס אין קאַפע, אַז מיר קומען זיך צונויף, ווייזן אויף אונדז אָן מיט די פינגער איייניקע קינסטלער-יידן, וואָס זוכן „ריינע“ קונסט, אַז מיר זענען „ספּעקולאַנטן מיטן יידישן סיוזשעט“..... און ריבאַק, מיט אַ האַלב-איראָנישן, האַלב-טרויעריקן שמייכל, זאָגט צו מיר אַזוי שטיל:

— ווען זיי וויסן, פון ווען אָן מיר טראַכטן וועגן יידישער קונסט, וואָלטן זיי אַזוי ניט גערעדט....

גייענדיק איינמאָל פון לוווּר אין אַ פּאַריזער אוטריליאָ-טאָג, זעצן מיר זיך, ריבאַק און איך, אין קאַפע, און קוקנדיק אַזוי אַנטקעגן אויף דעם קלויסטער, וועלכער איז האַלב פאַרוויקלט אין אַ געדיכטן נעפּל, דערציילט מיר ריבאַק פון זיינע סקולפּטורן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מאַכן. אַלץ דער זעלביקער עופות-הענדלער, דער „קאַטערינשטשיק“, דער וואַסערטרעגער, דער חסיד, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט רצועות פון תפילין אויך אַרום די פיס.

— ס'איז דאָ — זאָגט ער — אַ מנהג אַזאַ.

ער דערציילט מיר ווייטער וועגן זיינע מאַטעריעלע שוועריקייטן, וועגן די צרות מיטן אויוון אין אַטעליע, וועלכן מ'דאַרף יעדן טאָג הייצן און וועלכער ברענט אָדער צו שטאַרק, אָדער וויל גאָרניט ברענען, און צוליב דעם רויך דאַרף מען עפענען אַלע פענסטער. „ווען מ'קען עפּעס מאַכן אַ געזעלשאַפט פון קינסטלער צו העלפן איינער דעם אַנדערן! מיר האָבן דאָך נאָך אַזוי פיל צו אַרבעטן, אַזוי פיל צו זאָגן!“...

און דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר ריבאַקן. זיינע אַלע יאָרן האָט ער געחלומט וועגן צונויפנעמען און פאַראייניקן אלע יענע יידישע קינסטלער, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז זיי נאָענט און טייער. אלע זיינע יאָרן האָט ער געחלומט וועגן אויפבויען אַ גרויסע און רייכע י י ד י ש ע קונסט. און דווקא מיר, וואָס האָבן כמעט דאָס גאַנצע לעבן געמאָלט יידישע סיוזשעטן, האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז ניט אין סיוזשעט ליגט די גאַנצע יידישקייט, און אַז ניט דערפאַר איז מען אַ יידישער קינסטלער, וואָס מען מאָלט טיפּן פון יידישן לעבן. אָבער ביי ריבאַקן איז דער יידישער סיוזשעט ניט געווען אַ פּשוטע הוספה, אַ צוגאָב צו דער קינסטלערישער פאָרם, וואָס ער האָט שטענדיק געזוכט — און געפונען. ביי אים איז דאָס געווען דער א י נ ה א ל ט פ ו נ ם ט אָ ג-ט ע ג ל ע כ ן. און אַלץ, וואָס ער האָט געלערנט, און אַלץ, וואָס ער האָט געקענט, האָט ער אריינגעלעגט אין אָט דאָס טאָג-טעגלעכע: זיין וואַסערטרעגער, זיין עופות-הענדלער, זיין שדכן און די אַנדערע.

די לעצטע יאָרן האָט מען אַ סך געשריבן וועגן יידישער קונסט, יידישע קינסטלער און קינסטלער-יידן. מיך אַליין פרעגט מען, צי, האַלט איך זיך פאַר אַ יידישן קינסטלער, אָדער פאַר אַ קינסטלער אַ ייד. אָבער, צי וועט דען אימעצן איינפאַלן, למשל, פרעגן סעזאַנען אָדער מאַטיסן, צי זיינען זיי פראַנצויזישע קינסטלער, אָדער קינסטלער-פראַנצויזן? ביי אַ סעזאַן אָדער אַ מאַטיס איז דער פראַנצויז אַזוי צונויפגעבונדן און צונויפגעוואַקסן מיט זייער קונסט, אַז מ'קען עס גאָרניט אָפּטיילן, און עס איז ניט מעגלעך אָנצוטאַפּן ווו ענדיקט

זיך ביי זיי דער פראַנצויז און הייבט זיך אָן דער קינסטלער, אָדער פאַרקערט. סעזאַן האָט געלעבט אַזוי, ווי עס לעבן אַ סך און אַ סך פראַנצויזן, מאָטיס לעבט אויך אַ פּשוט פראַנצויזיש לעבן, זיי בענקען ווי פראַנצויזן — און די קונסט זייערע איז נאַטירלעך פראַנצויזיש.

נעמט אָבער אַ פּיקאַסאָ אָדער אַ וואַן־גאָג. פּיקאַסאָ — דער שפּאַניער, וואַן־גאָג — דער האָלענדער, מאַדיליאַני — דער איטאַליענער (הגם אַ ייד) — אַלע זיינען זיי פאָרמעל אַוועק פון זייער פאָלק און לאַנד. ס'איז ניט די פראַגע, צי זיינען זיי בלויז צוליב דעם געוואָרן גרעסער אָדער קלענער, אָבער זיי זיינען אַוועק, האָבן זיך אַסימילירט אין פראַנקרייך און זיינען געוואָרן גרויסע אַ ל מ ע נ טש ל ע כ ע קינסטלער. זיי האָבן אין זיך אָנגעזאַפּט די פראַנצויזישע מאָדערנע קינסטלערישע קולטור, איבערגעאַרבעט זי אין זייער גרויסע פּערזענלעכקייט און זיינען געוואָרן דער אָנהייב פון אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער קונסט, דורכגעווייקט מיט פראַנצויזישער עסטעטיק.

זיין אַ פּערזענלעכקייט הייסט ניט אויסקלערן און אַרויסברענגען גאָר עפּעס נייעס. ניטאָ בכלל קיין נייעס אונטערן הימל. אפילו די גרעסטע מענטשן וואַקסן אַרויס איינער פונם אַנדערן; יעדערער אַרבעט נאָר איבער זיין אייגענע פּערזענלעכקייט אויף זיין שטייגער, לויט זיינע געפילן און לויט זיין קוק.

ביי אונדז יידן זיינען אויך פאַראַן גרויסע קינסטלער, גרויסע טאַלאַנטן, ווי ביי די אַנדערע פעלקער. מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז די פראַגע פון טעריטאָריע, וואָס שפּילט אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן אַזאַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע, שפּילט אין דער קונסט גאָר קיין ראָלע ניט. דער איינציקער אָרט, וווּ גרויסע קונסט איז געשאַפן געוואָרן אין די לעצטע הונדערט יאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, איז פראַנקרייך, ריכטיקער — פּאַריז.

ביי אונדז יידן זיינען געווען און זיינען נאָך איצט אויך דאָ — הגם וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער — קינסטלער אַסימילירטע, וואָס זיינען שטענדיק געשטאַנען ווייט פון זייער פאָלק, געווען אָפּגעריסן פון אים, אָבער נאָענט צו דער „אַלוועלטלעכער" קולטור. דאָס האָט זייער טאַלאַנט ניט געשאַדט. אויב דער קינסטלער האָט באמת טאַלאַנט, האָט ער שטענדיק געפונען זיין פאַרדינטן פּלאַץ — אַלץ איינס, צי איז ער געווען אַ רוס, אַ שפּאַניער, אָדער — אַ ייד.

אָבער יענע קינסטלער אונדזערע, וואָס שטייען נאָענט צו זייער פאָלק, וואָס זיינען פיזיש און גייסטיק פאַרבונדן מיט אים, מיטן „עמך", פאַר זיי איז נאָרמאַל, וואָס זיי נעמען סיוזשעטן פון זייער לעבן. עס איז זיי נאָענט און היימיש, זיי פילן דאָס בעסער, מיט דעם האָבן זיי זיך מער איינגעלעבט. ביי אַזעלכע קינסטלער איז אינגאַנצן איבעריק צו פרעגן פון וואַנען שטאַמען זיי און וואָס און ווער זיינען זיי — זיי זיינען יי ד י ש ע קינסטלער. אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אויב די קונסט־פאָרם, די טעכנישע זייט פון זייער שאַפן ליידט ניט דערפון. און דער בעסטער באַווייז, אַז די דאָזיקע ביידע מאָמענטן לאָזן זיך פאַראייניקן, איז מאַרק שאַגאַל.

ריבאַק, וועלכן איך האָב געקענט פון מיינע קינדער־יאָרן, האָט שטענדיק געחלומט צו ווערן אַ גרויסער קינסטלער. א סך געליטן, אַ סך געזוכט, געווען באַאיינפלוסט (און פאַר מיר איז דאָס גאָרניט קיין חסרון). אָבער דאָס אַלץ איז פאַר אים געווען נאָר אַ וועג צום גרויסן ציל זיינעם: צו באַרייכערן דאָס יידישע פאָלק מיט קינסטלערישער קולטור, מיט גרויסער קונסט און צו פאַרבלייבן אַ זון פון פאָלק, פון וועלכן ער איז געקומען.

און דעריבער איז ער אונדז, די פאַרבליבענע, אזוי טייער. מיר טראָגן אין האַרצן אַ ליבשאַפט צו אים, ווי צו אַלע גרויסע יידן, וואָס האָבן באַשיינט אונזער פיל געליטענעם פאָלק און אויך די פיל געליטענע מענטשהייט.

ד"ר א. מוקדוני (ניו־יאָרק)

# באַגעגענישן מיט ריבאַקן

קינסטלער נויטיקן זיך שטענדיק אין אַ טאָפּלטער אָנערקענונג. ראשית-כּל, פאַרשטייט זיך, די אָנערקענונג פון כּלל, די אַזוי גערופענע אָביעקטיווע אָנערקענונג, און צווייטנס — די אָנערקענונג פון יחיד, צו וועלכן דער קינסטלער אַפּעלירט באַזונדערס און מיט וועלכן דער קינסטלער האָט זיך צוזאַמענגערעדט אינטימער. גאָר אָפט פּאַסירט, אַז דער יחיד דערשפּירט גראָד דעם קינסטלער פריער, איידער דער כּלל האָט זיך אומגעקוקט אויף אים. עס פּאַסירט אָפט, אַז דער יחיד מאַכט אויפמערקזאַם דעם כּלל אויפן קינסטלער. אַמאָל פּאַסירט, אַז דער יחיד בלייבט לאַנג אַליין מיט זיין אָנערקענונג, די אָנערקענונג פון כּלל קומט שפּעט, און אַמאָל קומט זי גאָרניט.

איך וויל דאָ ביים סאַמע אָנהויב דערקלערן, אַז דער יונג-פאַרשטאָרבענער ריבאַק איז געווען מ יי ן מאָלער.

און ווען ניט די אומגליקלעכע צייט פאַר אַ קינסטלער, די צייט פון מלחמה און רעוואָלוציעס, און ווען ניט זיין פריצייטיקער טויט, וואָלט ער געוואָרן דער קינסטלער פון יידישן כּלל.

מיר זיינען געווען זיכער, אַז אין דער פּערזאָן פון ריבאַקן וועלן מיר האָבן אַ צווייטן שאַגאַל, אַן ערנסטערן און דעריבער אויך — אַ יידישערן. שאַגאַל איז צו שטיפעריש, צו זאָרגלאָז, און אויב איר ווילט — אפילו צו נאַיוו פאַר אַ יידישן מאָלער. שאַגאַל שפּילט זיך מיט יידעלעך, ווי אַ קינד מיט שפּילצייג, שאַגאַל שפּילט זיך מיט יידן און פאַרשפּילט זיך. יידן — דאָס איז אַ צו ערנסטע טעמע.

פאַר ריבאַקן זיינען יידן ניט געווען קיין שפּילכל. ער האָט שוין אויף זיינע יונגע, יינגלשע פּלייצעס אַריבערגעטראָגן פּאָגראָמען, אוקראַינער פּאָגראָמען, פּאָגראָמען האָבן ביי אים זיין פאָטער צוגענומען, פּאָגראָמען האָבן זיין וואַרעמע יינגלשע היים צעשטערט און זיין גליקלעכע יינגלשע וועלט חרוב געמאַכט.

ריבאַקן האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין מאָסקווע. אַ בלוט-יונגער, קערנדיקער און פעסטער בחור. פון אַ יאָר צוואַנציק איז ער דאַן געווען. ער איז נאָך געווען אַ יינגל, אָבער ער האָט שוין געהאַט אַ

פולע טעקע צייכענונגען, פינסטערע און בייזע. ער האָט זיך געהאַלטן כסדר לעבן דער אוקראַינער שרייבער־גרופּע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין מאָסקווע, ווען עס איז געוואָרן אַ לעבנס־געפאַר פאַר א יידן צו בלייבן אין קיעוו. — צעקנייטשטע, צעמורשעטע, אין אַלטע, פרעמדע מלבושים, זיינען זיי אַראָפּגעקומען אין מאָסקווע, און צווישן זיי — א ייִנגל, אַ האַלב־שעמעוודיקער, וואָס שווייגט, און ווען ער רעדט, רעדט ער אַ געשמאַקן, נאָך ניט פאַרליטעראַרישטן אוקראַינישן יידיש.

עס איז געווען אַ גוטע, פאָטערלעכע און ברידערלעכע באַציונג מצד דער גרופּע צום יונגן בחורל. ער איז געווען דער מוזיניקל אין דער דאָזיקער גרופּע, אַלע האָבן אים מחנך געווען און דערצויגן אין דעם שפּאָגלנייעם יידיש־מאָדערנעם גייסט, וואָס זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט אין אַ ליטעראַרישן זאמלבוך, וואָס די דאָזיקע גרופּע האָט אָקאָרשט אַרויסגעגעבן אין קיעוו...

עס איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן אָט די באַציונג פון דער אוקראַינישער שרייבער־גרופּע צום יונגן מאָלער. דוד בערגעלסאָן און דער נסתר פלעגן שטיל דערציילן חידושים וועגן דעם יונגן ריבאַק, זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער מאָלער, פאַר זייער קינסטלער און דעריבער, פאַרשטייט זיך, פאַרן בעסטן.

דער נסתר פלעגט פאַרקאָטשען זיינע שוואַרצע, מיסטישע אויגן, פאַרשאַרפן זיין בלייכע מקובלישע נאָז און פלעגט זאָגן כמעט געהיימניספול:

— ער וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען....

דאָס האָט געהייסן, דער דאָזיקער יונגער יששכר ריבאַק מאָלט פּאָגראָם־בילדער אַזוי מוראדיק רעאַליסטיש, אַזוי אימהדיק נאַטוראַליסטיש, אז ער וועט אויף אַלע אייביקייטן פאַרשוואַרצן די פּאָגראָמשטשיקעס אין אוקראַינע און איבער גאָר דער וועלט. קעפּן, דערשיסן אַ פּאָגראָמשטשיק איז אַ פאַרדינטע שטראָף, אָבער עס איז דאָך ניט די גאַנצע שטראָף. ריבאַק האָט מיט זיין יונגן שטאַרקן טאַלאַנט זיי באַשטראָפט לויט זייערע מעשים... פון דעם נסתּ׳ס מויל זיינען די דאָזיקע רייד אַרויס מאָדנע נאַטירלעך, זיינע מיסטישע אויגן, זיין בלייך פּנים און דער גאַנצער מקובלישער באַנעם האָבן די דאָזיקע ווערטער צוגעגעבן געהיימניספולקייט און זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

דוד בערגעלסאָן פלעגט בלויז אַ שאָקל טאָן די אונטערשטע מעכטיקע ליפּ זיינע, און דאָס האָט געהייסן: עס קומט עפּעס אַזוינס, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען....

און דער בעל־דבר אליין איז געווען אַ באַשיידענער, אַ שטילער און אַ האַלב־שעמעוודיקער ייִנגל. אגב האָט ער זיך פאַרקליבן ערגעץ און געמאָלט, געמאָלט מיט געשמאַק און מיט ברען, און מען פלעגט אים זעלטן זען.

מאָסקווע איז דאַמאָלסט געווען די אומגליקלעכסטע שטאָט פאַר א יונגן מאָלער. אין מאָסקווע האָבן מאָלער ניט געמאָלט, זיי האָבן בלויז געמאַכט רעוואָלוציעס אין דער מאָלעריי. די עלטערע מאָלער און די מאָ-

לער מיט טאַלאַנט האָבן זיך באַהאַלטן ערגעץ, מען האָט זיי ניט געזען און מען האָט פון זיי ניט געהערט; געטומלט האָט אַ כאַפּטע יונגוואַרג, געפילדערט האָבן גרויסע טומלער, אָבער זייער קליינע מאָלער. יעדער מאָלער האָט דאַן געמוזט מאַכן אַן אייגענע רעוואָלוציע אין דער מאָלעריי. איינער האָט פון געפאַרבטע שטיקלעך פאַפיר, קאָמבינירט מיט שטיקלעך בול-פאַפיר און מיט ציַיטונגס-פאַפיר, געשאַפן נייע „רעוואָלוציאָנערע“ בילדער. אַ צווייטער האָט אָנגעוואָרפן אויפן לייוונט וואָס ס'איז געקומען אין האַנט אַריין — אותיות, פיסלעך פון שטולן, אַ הענטל פון אַ פידל און אַ ווייבערישע זאָק — און דאָס האָט געהייסן ניט אַנדערש, ווי „דער פינצטערער סוף פון דער בורזשואַזיע“.

און אָט די קלעפּער און שמירער האָבן געפירט די גרענדע. זיי האָבן דיקטירט, זיי האָבן געוועלטיקט, און אפילו מאָלער מיט גרויסער אייגנאַרטיקייט האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער נייער „רעוואָלוציאָנערער“ מאָלעריי. אין יענע יאָרן האָב איך געזען שאַגאַלס אַן אויסשטעלונג, זיינען דאָרט געווען עטלעכע בילדער געקלעפּטע פון פאַרביקע פאַפירלעך. דאָס איז געווען שאַגאַלס צינז דער צייט...

פאַרן יונגן ריבאַקן איז דער דאָזיקער מאָלערישער יאַריד און געפילדער געווען ממש סם-המות. ער איז געווען צו יונג צו קענען ביישטיין דעם נסיון צו ווערן פּאָפּולער דורך אַ טריק איבער נאַכט און נאָך ניט גענוג אייגנאַרטיק ווי אַ מאָלער, ער זאָל זיך קענען פעסט האַלטן ביי זיינס.

ער האָט עס אָפּנים דערשפּירט און האָט אינגיכן פאַרלאָזן מאָסקווע, צוזאַמען מיט דער אוקראַינישער שרייבער-גרופּע, און זיך געלאָזן קיין אויסלאַנד.

ליטע איז געווען דאַן איינע פון די לענדער, וווהין מען האָט זיך געקענט לאָזן, און קאָוונע איז געווען די הויפּט-שטאָט, וווּ מען האָט זיך געקענט אָפּשטעלן און זוכן מעגלעכקייטן צו רירן זיך ווייטער. געפאָרן זיינען אַלע קיין בערלין, אָבער בערלין האָט ניט אויסגעשפּרייט זיינע אָרעמס אויפצונעמען די רוסישע בירגער. מען האָט געמוזט בלייבן אין קאָוונע און פון דאַנען עגבערן און דרעלעווען בערלין אַזוי לאַנג, ביז די דייטשן האָבן מסכים געווען אַריינצולאָזן.

איך האָב זיך אויך געלאָזן אין דער וועלט אַריין, איך בין אויך פאַרהאַלטן געוואָרן אין קאָוונע און דאָ האָב איך זיך נאָענטער באַקאַנט מיט ריבאַקן.

ריבאַקס געמיט איז נאָך דאַן געווען שטאַרק פאַרסמט פון די אוקראַינער פּאָגראָמען, וואָס ער האָט איבערגעלעבט. בטבע אַ לעבנסלוסטיקער, אַ פריילעכער און זייער אַ גוטמוטיקער, פלעגט ער אַרומגיין אַ פינצטערער און אַ שווייגנדיקער. ביסלעכווייז, אונטער דער שפּע אין קאָוונע, האָט זיך זיין געמיט אויסגעלייטערט אַביסל, און מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ ליבן, האַרציקן מענטשן, אַ יונגן קינסטלער אָן די פליגן פון יונגע קינסטלער אין דער נאָז, אַ קינסטלער מיט קינדערשער אָפנהאַרציקייט און מיט מחיהדיקער גוט-ברודערישקייט. ער האָט אינטענסיוו געאַרבעט אין קאָוונע און אַפילו אָנגעהויבן שטיפן.

אין דער שטילער, אַרכי־פּראָווינציעלער שטאָט קאָוונע, וואָס איז געוואָרן אַ „הויפּט־שטאָט“, האָבן די איינגעוואַנדערטע יידישע שרייבער גענומען איינבויען זיך. עס האָט זיך אַ טייל פון די שרייבער איינגעגעבן צו שאַפן אַ טעגלעכע ציַיטונג; קאָוונע איז סתם געוואָרן די ציַיטוויַיליקע היים פון אַלע יידישע שריפטשטעלער, כלל־טוער און גלאַט יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד, און אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ שטיקל טומלדיק־ליטעראַריש וועלטל אין דער פאַרשלאָפענער שטאָט. אָבער אַלע זיינען געזעסן, ווי אויף הייסע קוילן, אַלע האָבן געוואַרט אויף וויזעס קיין בערלין, און מיט זיי האָט אויך געוואַרט ריבאַק.

דער אייז איז ענדלעך געבראָכן געוואָרן, מען האָט אָנגעהויבן געבן וויזעס קיין דייטשלאַנד — און פון אונזער שטעטל איז געוואָרן אַ דאָרף.

ריבאַק איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן באַקומען אַ וויזע, און ער איז אַוועק קיין בערלין.

איך האָב אין קאָוונע געהאַט די געלעגנהייט צו זען ריבאַקן ביי דער אַרבעט. ער איז נאָך דאַן געווען, ווי געזאָגט, אונטער דעם שווערן, פייניקדיקן איינדרוק פון די פּאָגראָמען, ער האָט געמאָלט בילדער פון פּאָגראָמען און פון שטעטל. פּאָגראָם־בילדער האָט מען ביי אונז געמאָלט אויך פריער, אָבער קיין שום מאָלער האָט ניט געוואַגט צוצוקומען צו די פּאָגראָמען נאָענט. מען פלעגט זיך האַלטן אַביסל פון וויַיטן, אויף אַ דיסטאַנץ. ריבאַק אָבער איז צוגעגאַנגען אומהיימלעך נאָענט צו די פּאָגראָמען: פאַרגוואַלדיקטע פרויען, אויפגעשניטענע בייכער, געשענדעטע ספר־תורות, צעשמעטערטע קעפּ פון זקנים, דערשטאָכענע עופעלעך — דער געוואַגסטער רעאַליזם, דער עקסטרעמסטער נאַטוראַליזם.

נאָר אַן אמתער קינסטלער קען אַזוי וואַגן! קיינער האָט ביז ריבאַקן ניט באַוויזן, וואָס אַזוינס איז באמת אַ פּאָגראָם. עס איז ניט קיין מליצה: ווען איר זעט ריבאַקס פּאָגראָם־בילדער, שעמט איר זיך צו זיין אַ מענטש. איך ווייס ניט, צי האָט זיך ריבאַק אָפּגערעכנט מיט די פּאָגראָמשטשיקעס, ווי דער נסתר פלעגט זאָגן, אָבער די גרעסטע קללה האָט ער זיי זיכער נאָכגעשיקט דורך זיינע בילדער.

און נאָך אַ שטריך: ריבאַק האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זיינע פּאָגראָם־בילדער וועט קיינער ניט קויפן, אַז זיינע פּאָגראָם־בילדער קען מען ניט אויסשטעלן צוליב זייער מוראדיקן רעאַליזם, אָבער ער האָט זיי געמאָלט פאַר זיך. דאָ האָט דער קינסטלער אויסגעלאָדן זיין ביטערקייט, זיין אימה און זיין גרויל.

שפּעטער איז געקומען מיין צייט צו פאַרלאָזן קאָוונע. אויפן וועג קיין אַמעריקע האָב איך זיך אויף אַ צייט אָפּגעשטעלט אין בערלין, און דאָ האָב איך זיך ווייטער באַגעגנט מיט ריבאַקן.

אין בערלין האָט ריבאַק געאַרבעט מיט ברען. ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערזען אַ גרויסע אייראָפּעישע שטאָט, מיט גרויסע מוזייען, מיט אַ גרויסער קינסטלער־קאָלאָניע און מיט אַ גרויסער קולטור. אין בערלין האָב איך זיך באַקענט מיט זיינע בילדער פון דעם יידישן שטעטל. דאָ, ווי אין זיינע

פּאָגראָם-בילדער, איז ריבאַק ניט סענטימענטאַל. ער איז דאָ אויך בייז, אָבער עס איז אַ היימישע, אַ ליבע און אַ גוטמוטיקע בייזקייט, אויב מען קען אַזוי זאָגן.

ריבאַקס שטעטל איז אַ זקן, אַלץ איז געבויגן פון אַלטקייט, אַלץ איז צעקרימט, צעלאָמט פון זיקנה. עפּעס אַ מין ערב-טויט ליגט אויפן שטעטל, אַ מין פאָרהויז פון אַ בית-הקברות איז דאָס שטעטל.

ריבאַקס יידן אין שטעטל זיינען קליינינקע, זיי זעען אויס ווי גנאָמען, זיי זיינען אַלע געהאָרבטע, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, זיי גייען אַלע ווי צו דער אייביקער רו....

פּונקט אַזוי זיינען אויך ריבאַקס שולן. די אַלטע שול שטייט איבערן יידישן שטעטל, זי דאָמינירט, אָבער זי איז אַ סימבאָל פונם שטעטל און פון די שטעטלשע יידן. זי איז אויך געבויגן, זי איז אויך געהאָרבט און זי שטייט עפּעס אויך גרייט צום איינפאַלן.

אָבער ניט בלויז שרעק און אונטערגאַנג איז דאָ אין ריבאַקס שטעטל, עס איז אויך דאָ גרויס רחמים, צער און טיפער ווייטאָק. דאָס שטעטל מיט די יידישע מענטשן זיינען עפּעס פאַרגאַנגענהייט. ווייטע פאַרגאַנגענהייט. די צוקונפט שטייט זיי איבערן קאָרק און יאָגט זיי אַוועק פון לעבן. דאָס שטעטל האָט שוין אָפּגעלעבט זיינע יאָרן. אויף די חורבות פון שטעטל און פון די שטעטלשע יידן דאַרף געבויט ווערן עפּעס נייעס, עפּעס געזונטעס און לעבעדיקעס. ריבאַק האָט אָפּגעזאָגט דעם שטעטל דאָס לעבן.

איך בין אַוועק קיין אַמעריקע. פון דער ווייטנס האָב איך כסדר נאָכגעפאָלגט ריבאַקן, איך האָב געזען, ווי ער וואַקסט, ווי עס בליט אויף זיין טאַלאַנט. איינמאָל איז צו מיר אַריינגעפאַלן אַ רעפּראָדוקציע פון זיינע טעאַטער-מאָלערייען, עס איז געווען אַ דעקאָראַציע, אָבער די אָריגינעלסטע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען. גלאַטע, נאַקעטע פלאַכן האָט ער געמאָלט. קיין גרייזלעך, קיין קווייטלעך, קיין קונצן — נאַקעטע פלאַכן, ווי גרויסע בלעכן, אָבער אַ שטימונג אַ טיפע האָבן די דאָזיקע פלאַכן געשאַפן. דאָ האָט ריבאַק אָנגעטאַפּט עפּעס זייער עכטעס אין טעאַטער.

פון ווייטן איז פאָרט שווער נאָכצופאָלגן. ווייס איך ניט וואָס איז געוואָרן מיט די דאָזיקע וווּנדערלעך-אָריגינעלע דעקאָראַציעס.

אין יאָר 1931 בין איך געווען אין פּאַריז, און צווישן די עטלעכע מענטשן, וואָס איך האָב באַוויזן צו זען, איז געווען ריבאַק. איך בין געווען ביי אים אין סטודיע און האָב דערזען פאַר מיר אַן אויסגעוואַקסענעם ריבאַק, אַ קינסטלער, אַ מייסטער פון פאַרבן. ער האָט אַ סך געלערנט אין פּאַריז, אין פּאַריז איז ער פולער, גאַנצער געוואָרן און צו אַ מאָלערישן ברעג איז ער געקומען.

אָבער איך האָב ריבאַקן גופא ניט דערקענט. דער געזונטער, קערנדיקער און פעסטער אוקראַינישער בחור, וועלכן איך האָב פריער געקענט, איז ניטאָ; פאַר מיר איז געשטאַנען אַ קראַנקער מענטש, בלויז די גרוי-ליכטיקע אויגן האָבן געלעבט, געלעבט זייער לעבן.

איך האָב פון פאַריז געבראַכט אַהיים ריבאַקס אַ קליין אײלבילד. ריבאַקס אַ יידל, אַ קליינס און אַ טונקלס, אַ געהאָרבטס, ברייטער ווי לענגער, באַקוקט אַ כלה פאַר זיין זון, מעשה מבין. מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און מיט העזה קוקט ער אויף אַ יונגקליינשטעטלדיק מיידל, אויף דער כלה; דאָס מיידל איז צאַרט, יונג און קינדיש, זי איז אין אַ ראָזע קליידל, א ליכטיק קינד — און אַנטקעגן שטייט א שטיק אָפּגעלעבטקייט און באַקוקט זי, ווי אַ סוחר.

אַ סך וואונדערלעכע בילדער האָב איך געזען ביי ריבאַקן אין פאַריז, אָבער צווישן זיי האָב איך געזען אַ בילד, אַ זייער באַקאַנט, איך האָב עס געזען ביי ריבאַקן אין קאָוונע, אין בערלין: עס איז אַ בילד פון אַן אַלטן, אַלטן מענטשן מיט א וואַנט-זייגער הינטער אים, דער זייגער איז אַן אַלטער, אָבער אַ לעבעדיקער, מיט אַ ווייסן ציפערבלאַט.

עס איז אַ מאָדנע בילד. ריבאַק האָט עס לאַנג, לאַנג געמאָלט און קיינמאָל ניט פאַרטיק געוואָרן.

אַ מענטש און אַ זייגערל. אָט שטעלט זיך אָפּ דער מענטש און דאָס זייגערל אויך. צוויי לעבנס, איינס אַ מעכאַניש, דאָס צווייטע אַ פיזיאָלאָגיש, אָבער אַ שותפות איז דאָ אין זייער לעבן. געבונדן זיינען זייערע לעבנס, און ביידע גלייך וועלן זיי אויסגעלאָשן ווערן....

ער איז געשטאָרבן יונג..

מיר האָבן פאַרלאָרן אַ גרויסן יידישן מאָלער, אַ יידישן מאָלער, וואָס האָט גענומען ערנסט, זייער ערנסט יידן....

דניאל טשאַרני (פּאַריז)

# מיט פּאַרעקשנטע אַקסלען

ווען איך האָב ריבאַקן צום ערשטן מאָל געהאַט דערזען אין מאָסקווע אין 1920 האָט ער אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בחורל, וואָס גייט ערשט ווערן אַ פּאַרשוין. ער האָט שוין אָבער מיט זיינע 22 יאָר פאַרמאָגט הינטער זיך אַ גאַנץ פיינעם סטאַזש פון קינסטלערישער טעטיקייט און געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג. ער איז שוין געווען, לאָזט זיך אויס, ארומגעפאָרן אין שליחותן פון דער פעטערבורגער „היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט" דורך מערערע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, ווו ער האָט שטודירט די יידישע פאָלקס-קונסט און געזאַמלט עקספּאָנאַטן. ריבאַק איז שוין דאַמאָלסט אויך געווען אַן אָנגעזעענער טוער פון דער קיעווער „קולטור-ליגע"; אַלס מיטגליד פונם צענטראַל-קאָמיטעט, האָט ער שוין געהאַט אָנגעפירט אין קיעוו מיט דער קונסט-סעקציע אוז מיט די מאָלער-קורסן.

צו דער זעלביקער צייט האָט שוין ריבאַק פאַרמאָגט אין זיין וואַנדערדיקן אַטעליע אַ סך לייוונטן, אויף וועלכע ער האָט געהאַט פאַרפיקסירט די געהויקערטע רוקנס און די פּאַרעקשנטע אַקסלען פון אונדזערע פאָלקס-מענטשן און פאָלקס-טיפּן, וואָס ער פלעגט באַגעגענען בעת זיינע קינסטלערישע עקספּעדיציעס דורך די יידישע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע. ריבאַק האָט אויך שוין געהאַט פּובליקירט אינאיינעם מיט ברוך אַראָנסאָנען אַ גרעסערע אַרבעט וועגן „די וועגן פון דער יידישער מאָלעריי". אַזוי ארום האָט ריבאַק פון אָנהויב אָן פאַרבונדן זיין קינסטלערישן גורל ניט נאָר מיט דעם פּענדזל, נאָר אויך מיט דער פּען.

דער פּענדזל איז בטבע אינדיווידואַליסטיש, „אינזיכיסטיש", בעת די פּען מוז זיין עפנטלעך, געזעלשאַפטלעך. צוליב דעם טאַקע איז ריבאַק באַלד פון אָנהויב געוואָרן פּאָפּולער און באַליבט ניט נאָר אין די קינסטלערישע קרייזן אַליין.

האָט ריבאַק, וואָס איז געווען באַצייטנס אַנטלאָפן פון דער פּאָגראָמירטער אוקראַינע קיין מאָסקווע, אויך אין מאָסקווע באַלד געפונען זיין קינסטלערישן און געזעלשאַפטלעכן תיקון. דער מאָסקווער קרייז יידישע שרייבער און קינסטלער האָט באַלד אויסגעקליבן ריבאַקן אין דער פאַרוואַלטונג, כאָטש צו יענער צייט

האָבן געלעבט אין מאָסקווע פיל עלטערע און פיל אַנערקענטערע יידישע שרייבער און קינסטלער. דער קרייז האָט געהאַט דאָמאָלסט גרופּירט אַרום זיך די בעסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידישער קולטור-וועלט אין סאָוועט-רוסלאַנד. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון אַנכי, אַרשאַנסקי, בערגעלסאָן, גילדין, דאָברושין, האָפשטיין, פאַלק האַלפּערין, הירשקאָן, וואָוויאָרקע, ווענדראָף, זאַרעצקי, משה טייטש, טשאַרני, טשייקאָוו, יודל יאָפע, ליפמאַן לעווין, ד"ר מוקדוני, שכנא עפּשטיין, קיטאַי, ליפע רעזניק, מאַרק שאַגאַל און אַ סך אַנ-דערע שרייבער און קינסטלער, כדי צו באַקומען אַ וועלכע ניט איז פאַרשטעלונג וועגן די דאָמאָלסטיקע אי-נעווייניקסטע אידעאָלאָגישע קאַמפן און רייסערייען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן די געשוואָרענע „פּראָ-לעטקולטניקעס“ מיט די נאָכלויפערס אָדער מיטלויפערס פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע.

אָבער אַ חוץ די אינעווייניקסטע קאַמפן אין קרייז גופא, פלעגט נאָך די פאַרוואַלטונג פון די יידישע שרייבער און קינסטלער מוזן אָנפירן מיט דער גאַנץ קאָמפּליצירטער „אויסערן-פּאָליטיק“ לגבי די צוויי וויכ-טיקע אינסטיטוציעס, וואָס אָן זיי וואָלטן אַ סך מיטגלידער פון דעם מאָסקווער קרייז געווען אומגעקומען גאַנץ פשוט פאַר קעלט און פאַר הונגער. דאָס זיינען געווען, פון איין זייט, די „יעווסעקציע“, פון דער אַנדער זייט — דער „דזשאָינט“.

די „יעווסעקציע“ פלעגט אונדז געבן מיטאָגן אין דער קיך פון דעם צ. ק. ר. ק. פּ. (צענטראַל קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) און פאָדערן דערפאַר וואָס מער מאַנוסקריפּטן פון די שריי-בער און וואָס מער פאַרלאָזונגטע פּלאַקאַטן פון די קינסטלער. דער „דזשאָינט“ פלעגט אונדז געבן מעל און צוקער, קאָנדענסירטע מילך און עקזאָטישע פּאַפּיראָסן און ער פלעגט פון אונדז קיין זאַך ניט פאָדערן. די „יעווסעקציע“ פלעגט אונדז אָבער שטענדיק חושד זיין, אַז צוליב די מתנות פון „דזשאָינט“ ווערט ביי אונדז אָפּגעשוואַכט דער קלאַסן-אינסטינקט, און דער „דזשאָינט“ פלעגט יעדן איינעם פון אונדז באַטראַכטן, ווי אַ צוקונפטיקן קאָמיסאַר....

האָט די פאַרוואַלטונג פון דעם מאָסקווער קרייז שרייבער און קינסטלער געמוזט זייער פאַרזיכטיק און דיפּלאָמאַטיש אַרבעטן אויף אָט די ביידע פראָנטן. און דער יונגער, נאָך גאָר יונגער ריבאַק האָט זיך, לאָזט זיך אויס, אויסגעצייכנט מיט זיין קונסט אפילו אויך אויף דעם דאָזיקן געביט. די קונסט פון שווייגן איז, ווי באַקאַנט, אין דער דיפּלאָמאַטיע ניט ווייניקער וויכטיק, ווי די קונסט פון ריידן. גראָד איז ריבאַק געווען בטבע אַ שווייגער. אָבער ריבאַקס שווייגן איז געווען אַ הייסער, אָן אַנגעגליטער, אַ דורכגעלעבטער. און פלעגט שוין ריבאַק יאָ נעמען אַ וואָרט — האָט מען געוווּסט, אַז זיין וואָרט וועט זיין גענוג וואָגיק און גענוג אויפ-ריכטיק. פלעגן מיר אים אָפט שיקן אין דיפּלאָמאַטישע שליחותן סיי צום „דזשאָינט“ און סיי צו „יעווסעקציע“.

דאָך אָבער האָט די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין מאָסקווע ניט געקענט פאַרטרייבן פון ריבאַקן דעם שרעק פון די פּאָגראָמען, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיינע שמאָלע, פאַרעקשנטע אַקסלען. איינצייטיק

מיט די בונטאַרישע פּלאַקאַטן און לאָזונגען, וואָס ריבאַק פּלעגט אויספּאַרטיקן אין זיין ניט-געהייצטן אַטעליע, פּלעגט ער אויך נאָך אויסאָטעמען פון זיך דעם פאַרגליווערטן פּאָגראָם-שרעק, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון זיין חרוב-געוואָרענער היים קיין מאָסקווע. ריבאַקס פּאָגראָם-אַקוואַרעלן האָבן די אָקטאָבער-רעוואָלוציע דערהויבן אַ סך מער, ווי די באַשטעלטע פּלאַקאַטן און לאָזונגען. דאָרט ווו ס׳קומט אויף די אָקטאָבער-רעוואָלוציע, הערט מען דאָך אויף צו פאַרגיסן יידיש בלוט.

שוין צוליב דעם אַליין האָט ריבאַק געקענט דאַמאָלסט ווערן אַ באָלשעוויק. אָבער ריבאַק איז ניט געוואָרן קיין באָלשעוויק. ריבאַק איז געווען צו פיל ייד און צו פיל קינסטלער, ער זאָל זיך קענען באַנוגענען מיט דעם „סאָציאַליסטישן אינהאַלט אין אַ נאַציאָנאַלער פאָרם“. אין ריבאַקס „נאַציאָנאַלער פאָרם“ איז שוין אויך געלעגן דער נאַציאָנאַלער „אינהאַלט“ אונדזערער; אין ריבאַקס געבראָכענע און אויסגעקרימטע ליניעס איז שוין אויך געווען פאַרשטעקט דער גרויסער בראָך — און דער איבערבראָך — פון אונדזער נאָך-מלחמהדיקן פאָלקס-לעבן.

ווען ריבאַק האָט אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע יידישע שרייבער און קינסטלער אויסגעוואַנדערט שפּעטער פון סאָוועט-רוסלאַנד, איז ער אַוועק פון דעם אויפגעברויזטן אָקטאָבער-לאַנד, ניט ווי אַן עמיגראַנט, נאָר ווי אַ פריינט און חבר. ער איז געפאָרן קיין אויסלאַנד ניט מער, ווי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און דעוואָרעמען אַביסל זיינע האַלב-איינגעפראָרענע פאַרבן.

ווען כ׳האָב מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער זיך געטראָפן מיט ריבאַקן אין בערלין, איז ער שוין געווען כמעט אַן איינגעפּאַקטער אויף אומצוקערן זיך קיין סאָוועט-רוסלאַנד. ניט חלילה דערפאַר, ווייל ער האָט ניט באַקומען אין דייטשלאַנד זיין פאַרדינטן דערפאָלג, נאָר ריבאַקן האָט שטאַרק געצויגן צוריק קיין סאָוועט-רוסלאַנד, צוריק קיין אוקראַינע, ווו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי יידיש לעבן, און ווו ס׳זיינען פאַראַקערט געוואָרן אַלע פעלדער, וואָס זיינען געווען דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, אויך אפילו מיטן בלוט פון זיין אומגעקומענעם פאָטער.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין קרים און אוקראַינע. ריבאַק האָט געמוזט אָנקוקן די אויסגעגלייכטע רוקנס און די פאַרהויבענע אַקסלען פון די באַפרייטע יידישע פאָלקס-מענטשן. ריבאַקס אַלבאָם „אויף די יידישע פעלדער פון אוקראַינע“ האָט אים אַליין דערהויבן צו אַ העכערער קינסטלערישער מדרגה. זיינע פריער געווענזענע, געבראָכענע ליניעס האָבן זיך אָנגעהויבן איבערפלעכטן אין לייטערס, וואָס פירן צו העכערע שטאַפּלען פון מענטשלעכער ווערדע און קינסטלערישער דערהויבנקייט.

דאַמאָלסט ערשט האָט ריבאַק באַשלאָסן צום צווייטן מאָל אויסצוואַנדערן פון סאָוועט-רוסלאַנד און זוכן אַ שטיקל קינסטלערישע תקומה אויך נאָך פאַר זיך אַליין. די דאָזיקע קינסטלערישע תקומה האָט ריבאַק באַלד געפונען אין פּאַריז.

אויך אין פּאַריז האָט זיך ריבאַק ניט אָפּגעשלאָסן ביי זיך אין אַטעליע. ער האָט זיך ניט אָפּגעשיידט פון דער געזעלשאַפט, פון קהל. ער פלעגט זיך באַטייליקן אין אַלע יידישע קולטור-התחלות. ער האָט אויך אין פּאַריז ניט אויפגעגעבן זיין שותּפות צום יידישן בוך, צום געדרוקטן יידישן וואָרט, צום ספר.

זיין געזעלשאַפטלעכער חוש האָט אים שטענדיק אונטערגעזאָגט, אַז אַ יידישער קינסטלער, בפרט נאָך אַזאַ מין יידיש-פאָלקסטימלעכער קינסטלער, ווי ריבאַק, קען ניט זיין אָנגעוויזן נאָר אויף דער וואַנט אַליין. יידן האָבן דאָך ניט קיין ווענט. ביי יידן פעלט דאָך לחלוטין דער קולט פון ווענט. שוין ניט גערעדט פון דעם, וואָס נאָך די גרויסע אויפטרייסלונגען אין דער וועלט איז אויך פאַרלאָרן געגאַנגען די סטאַבילקייט פון די יידישע ווענט. האָט ריבאַק ניט אויפגעגעבן זיינע ערשטע פאַרבינדונגען אויך מיט דעם טיש, מיט דעם שבתדיקן יידישן טיש, אויף וועלכן ס'איז אַ מצווה צוהאַלטן אַ פיינעם ספר אָדער אַ בוך. האָט ריבאַק זייער ליב געהאַט צו אילוסטרירן יידישע ביכער.

ס'איז, גלויב איך, אויך ניט קיין צופאַל, וואָס מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זיך ריבאַק אַ נעם געטאָן אויך פאַר דער קעראַמיק. אַ קליין פיגורקעלע פון אַ יידישן שדכן, בדכן, צי פון אַן אַנדער יידישן פאָלקס-טיפּ לאָזט זיך גוט ארויפשטעלן אויף אַ טיש, אַריינטראָגנדיק אַ שטיק יום-טוב אין שטוב. ס'איז געווען ממש צו באַוואונדערן די גרויסע ליבע און פאַרזיכטיקייט, מיט וועלכע ריבאַק האָט אָנגעהויבן אַרונטערצונעמען פון זיינע לייוונטן די פאַרשיידענע מינים יידישע פאָלקס-טיפּן און זיי איבערקנעטן אין ליים, כדי צו האָבן זיי, ווי לעבעדיקע, אויף אַלע טישן און פּאָליצעס.

ס'איז געווען אַ נייער פאַרמעסט ריבאַקס, וואָס איז פון אָנהויב אָן געקרוינט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג. אַזעלכע קליינע יידעלעך פון דער אַלטער היים דאַרף האָבן אויף זיין טיש ניט נאָר יעדער מאָדערנער ייד, נאָר אויך אַפילו — יעדער יידישער שרייבער, וואָס אים קומט אויס צו לעבן אין אַ ניט-יידיש-פאָלקסטימלעכער סביבה. אַזעלכע יידעלעך פלעגט אַפילו מענדעלע מוכר ספרים אַליין אָפּט ארויפשטעלן אין זיין פאַנטאַזיע אויף זיין שרייבטיש און בעטן זיך ביי זיי, זיי זאָלן אים אונטערזאָגן דעם אָדער יענעם יידיש-פאָלקסטימלעכן אויסדרוק, צי דעם אָדער יענעם יידיש-פאָלקסטימלעכן איינפאַל.

ליידער האָט ריבאַק ניט באַוויזן אַרונטערצונעמען פון זיינע לייוונטן אַלע אונזערע פאָלקס-מענטשן און פאָלקס-טיפּן. פונקט אַזוי האָט ער אויך ניט באַוויזן צו דערפירן זיין אייגענעם שעפערישן לעבן ביז צו יענעם לאָגישן סוף, ווען דער טויט איז שוין ניט אַזוי שרעקלעך, ווען דער טויט איז שוין ניט אַזוי ברוטאַל.

אמת, ריבאַק דער קינסטלער וועט סיי ווי סיי פאַרבלייבן אומשטערבלעך און אומפאַרגעסלעך, אָבער ריבאַק דער מ ע נ ט ש, ריבאַק דער פריינט און חבר, ריבאַק דער קולטור-טוער און קולטור-טרעגער, איז שוין מער ניטאָ צווישן אונדז. ס'ווערט פשוט אומהיימלעך פון אָט דעם אומגערעכטן טויט. ער האָט ביי אונדז אַוועקגענומען ריבאַקן — אין סאַמע מיטן פון אונזער נייעם קולטור-אויפשטייג אין גאָר דער וועלט.

קיעוו, מאָסקווע, בערלין, פּאַריז — דאָס זיינען געווען די וויכטיקסטע עטאַפּן ריבאַקס. זיינע קעראַמיק־פיגורקעלעך וועלן פריער אָדער שפּעטער קענען דורכמאַכן ווידער אַמאָל אויך נאָך דעם וועג אויף צוריק — פּאַריז, בערלין, מאָסקווע, קיעוו. אָבער ע ר אַליין — ריבאַק דער מענטש און חבר — וועט זיך שוין אייביק בערגלען אונטער איינער אַ מצבה פון איינעם אַ פּאַריזער בית־עולם. דער דאָזיקער בית־עולם איז אַזוי ווייט ניט יידישלעך־פּאָלקסטימלעך און איז אַזוי ווייט פון יענע אוקראַיניש־יידישע שטעט און שטעטלעך, דורך וועלכע ריבאַק האָט זיך צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט פאַר אונדז.

**א. בן-אַדיר** (פּאַריז)

# ר י ב אַ ק   ד ע ר   מ ע נ ט ש

וועגן יששכר-בער ריבאַק דעם ק י נ ס ט ל ע ר וועלן מסתמא שרייבן די, וואָס זיינען דערצו באַרופן. איך וויל בלויז, אויפן סמך פון מיינע זכרונות וועגן באַגעגענישן מיט אים, אַ פּאָר ווערטער זאָגן וועגן ריבאַקן — דעם מ ע נ ט ש ן. סוף כל סוף איז דאָך דער מענטש אין קינסטלער, זיין פּערזענלעכקייט — דער גרונד-מקור פון זיין שאַפן, און נאָר ווען עס גיט זיך איין אריינצוקוקן אין נשמה פונם שאַפער, איז מעגלעך צו באַגרייפן דעם מהות פון זיין שאַפן.

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט ריבאַקן אין פריען פרילינג פון זיין לעבן און שאַפן. דאָס איז געווען אין קרים, אין יעוופּאַטאָריע, זומער 1918. א יידישער מעצענאַט, א. לאָקשין, האָט אין אַ ווילע, אויפן ברעג ים, לעבן יעוופּאַטאָריע, איינגעאָרדנט אויף די זומער-חדשים א מין היים פאַר אַ גרופּע יידישע קינסטלער, זיי זאָלן זיך דאָרט קענען פריי אָפּגעבן דער אַרבעט.

די צענטראַלע פיגור און דער ליבלינג פון אָט דער גרופּע איז געווען ריבאַק. אויסגעטיילט זיך האָט ער ניט בלויז מיט זיין טאַלאַנט, נאָר דער עיקר מיט זיין פּערזענלעכקייט. עפּעס אַזוי ווי אַ צויבער איז געווען אויסגעגאָסן אויף אָט דעם באַשיידענעם, האַרציקן, טיף-פילנדיקן, נאָך גאָר יונגן מענטשן

מיר פלעגן זיך אָפּט באַגעגענען, און מיט יעדן מאָל פלעגט ער ווערן אַלץ נאָענטער, אינטימער, איינגעבאַקענער אין האַרצן. און ווען איך פלעג זיך פרעגן: אין וואָס ליגט דער צויבער זיינער? פלעגט דער ענטפער זיין: אין זיין באַשיידנקייט, אין זיין האַרציקייט, אין זיין צאַרטער נשמהדיקייט, אין זיין בענקשאַפט נאָך א סביבה פון האַרציקע נשמהדיקע מענטשן; און נאָך: אין יענעם טיפן עכט-יידישן טרויער, וואָס איז שוין דאַמאָלסט געווען צו מערקן אין זיינע פאַרחלומטע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט איינגעזאַפּט אין זיך דעם צער פון דורות, די טראַגישקייט פון יידישן לעבן און פון אונדזער געשיכטלעכן גורל. און ניט צופעליק איז דער ספּעציפישער הויקער געוואָרן אַזוי ווי אַ סימבאָל פאַר זיינע יידישע געשטאַלטן, ניט צופעליק די באַזונדערע ווייכע מעלאַנכאָלישקייט, וואָס איז אויסגעגאָסן כמעט אויף אַלע יידישע בילדער זיינע.

פּאָליטיק איז אײגנטלעך פרעמד געווען דעם גײסטיקן וועזן פון ריבאַקן. דאָך האָט ער אין יענע יאָרן געהאַט פיל סימפּאַטיע פאַר דער „פאַראײניקטער ײדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטײ“, וואָס האָט געשטעלט די ײדישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם אין איר גאַנצער גרויס און געשטרעבט צו געבן אַ ראַדיקאַלן ענטפער אויף איר. די ײדישע פּײן און לײדן האָבן אים קײן רו ניט געגעבן, און אים האָט פאַרכאַפּט דער טרוים אַ סוף צו מאַכן צום ײדישן הויקער.

דאָס צווײטע מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן אין פרילינג 1921, אין מאָסקווע. ס'איז געווען ערב „נעפּ“, אין צײט פון פאַרשאַרפטן הונגער. אַ גאַנצע רײ ײדישע שרײבער און קינסטלער, צווישן זײ אַפילו הײסע חסידים פון דער ראַטן-סיסטעם, האָבן זיך געריסן קײן אויסלאַנד — אַרויס פון די שטײגן אויף דער פרײ. די שטימונג האָט אויך באַהערשט ריבאַקן. מיט אַ מין סטיכישער קראַפט האָט אים אַ צי געטאָן אין דער גרויסער וועלט, צו די קוואַלן פון אײראָפּעישער קולטור.

יענע עפּאָכע פון „יציאת רוסלאַנד“ איז אַ טעמע פאַר זיך. ניט דאָ איז דאָס אָרט פאַר איר. נאָך אַ רײזע פון עטלעכע וואָכן אין די משא-וואַגאָנעס — 8 פערד, 40 מענטשן — זײנען מיר אָנגעקומען אין ליטע, אין קאָוונע. אויפן וועג קײן בערלין — דאַמאָלסט דעם הויפּט-צענטר פון פרײהײט, דעמאָקראַטיע און קולטור — האָט זיך אין דער ליטע-אכסניא אָפּגעשטעלט אַ גרופּע שרײבער, צווישן זײ — בערגעלסאָן, קוויטקאָ, נסתר, לעשצינסקי, שטיף, מוקדוני, קאַלמאַנאָוויטש, און מיט אונדז אויך — ריבאַק. מ'האָט באַדאַרפט אויסווארטן, ביז מ'וועט באַקומען די וויזעס קײן דײטשלאַנד, האָט מען אויף די זומער-חדשים זיך באַזעצט לעבן קאָוונע אויף דאַטשע, אין אַ וואַלד, אויפן פּרעכטיקן ברעג פון ניעמאַן. און — ווידער איז ריבאַק געווען דער ליבלינג פון אונדזער קאָלאָניע. פול יוגנטלעכן מוט און שאַפונגס-אימפּעט, מיט אַ ברײט געעפנט האַרץ פאַר דאָס נײע, אומבאַוווּסטע, אָבער זיכער הערלעכע, וואָס קומט אָן, איז ער געווען נאָך צאַרטער, נאָך האַרציקער און עפּעס כולו יום-טוב.

אין בערלין איז מיר ניט אויסגעקומען נאָענטער צו באַגעגענען זיך מיט ריבאַקן. איך האָב אויף עטלעכע יאָר געהאַט פאַרלאָזן בערלין, און אַז איך האָב זיך צוריקגעקערט, איז שוין ריבאַק אַוועק קײן פּאַריז. דאָרט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן, נאָך אַ לענגערער הפסקה, ערשט אין יאָר 1933, ווען „גלות היטלער“ האָט פאַריאָגט אַ טײל פון אונדזער בערלינער קאָלאָניע ײדישע שרײבער און טוער קײן פּאַריז, ווו ריבאַק איז שוין געווען אַן אַלטער תושב.

שוין בײ די ערשטע באַגעגענישן האָב איך דערפילט, אַז צוזאַמען מיט רײפקײט און מיושבדיקײט איז גלײכצײטיק דער טרויער אין זײנע אויגן פאַרטיפט געוואָרן, און ס'איז נאָך שטאַרקער געוואַקסן בײ אים די בענקשאַפט נאָך אַן אײגענער, וואַרעמער, האַרציקער ײדישער סביבה. און מיט יעדער נײער באַגעגעניש, אין אָט דעם רוישיקן פּאַריזער בבל, האָט זיך אַלץ שאַרפער געפילט, אַז ער איז עפּעס אַזוי ווי געבונדן,

אַזוי ווי אים וואָלט פעלן אָטעם, אַז די נשמה זיינע לעכצט אַזוי שטאַרק נאָך אָט דער אינטימער יידישער אַטמאָספער, ווו ער זאָל זיך קענען אינגאַנצן אויסלעבן.

די לעצטע יידישע קאַטאַסטראָפעס האָט ער שטאַרק איבערגעלעבט. און ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, אַז ווי נאָר ס'האָט זיך אָרגאַניזירט אין פאַריז די ערשטע טעריטאָריאַליסטישע „פריילאַנד"-גרופע, איז ריבאַק גלייך צוגעשטאַנען צו איר און אַרויסגעוויזן אַ לעבעדיקן אינטערעס צו די פּראָבלעמען, וואָס זי האָט זיך געשטעלט.

דער פאַריזער ריבאַק האָט שוין געהאַט הינטער זיך באַדייטנדיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען, אָבער — ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג, ער פילט, אַז ער איז נאָך ביים אָנהויב, אַז פאַר אים זיינען נאָך אָפן ברייטע וועגן. און מיט אַמאָל באַווייזן זיך סימנים פון יענער פאַטאַלער קרענק, וואָס האָט אין די בליענדיקסטע יאָרן אומגעלומפערט אָפּגעהאַקט דאָס נאָך גאָר ניט אויסגעלעבטע לעבן פון אָט דעם זעלטן ליבן, האַרציקן, טיף-פילנדיקן מענטשן, מיט אַזאַ שיינער נשמה.

און ווען אין טריבן, פינסטערן האַרבסט-טאָג זיינען מיר געגאַנגען באַגלייטן אים אין זיין אייביקן רו — איז ביי מיר געווען דער שאַרפער געפיל, אַז עס איז געשען אַ ווילדע זאַך, אַז קעגן ריבאַקן איז באַגאַנגען געוואָרן די שרעקלעכסטע נבלה, און אַז מיר נעמען עפּעס אָנטייל אין דעם... אַז עס איז גאָר ניט באַרעכטיקט, וואָס מיר פאַרלאָזן אים דאָרט, און אַליין גייען מיר אַוועק צוריק צום לעבן...

## נ. פראַנק (פּאַריז)

אַלע מאָל, ווען מען דערמאָנט אַ קינסטלער, שטייט ער אויף „תחית המתים“. אין דעם אויגנבליק, ווען מען קלערט וועגן אים, מען זעט אים, נעמט מען אַרום מיט אַ שנעלן סינטעטישן בליק אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן, איבערגעלאָזט און זיך אַליין ממשיך געווען אין דער ווייטער אייביקייט אַריין...

נאָך איצט גלויבט זיך מיר ניט, אַז דער שטילער, תמיד פאַרחלומטער און תמיד פיין-גייסטיקער יששכר-בער ריבאַק איז געשטאָרבן. עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז מיר אַלע זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך זיין לוויה, אַז ער וועט שוין מער אַנדערש, ווי דורך זיין מאָלעריי, מיט אונדז ניט ריידן, אַז מיר וועלן אים שוין מער ניט זען.

איך בין נאָך ניט צוגעוווינט צו זיין טויט, און עס איז מיר אוממעגלעך וועגן אים צו ריידן, ווי וועגן אַ מת...

אַ מצבה אויף ריבאַקס קבר.

קען נאָך זיין אַ שענערע מצבה, ווי די אַלע בלעטלעך, טאָוולען, אויסקריצונגען פון פאַרערער, פריינט, חסידים, וואָס קומען יעדער איינער זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אַ פריינט, א מענטש, אַ קינסטלער, וועלכער איז אַוועק אין די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן? קען נאָך זיין פאַר אַ קינסטלער אַ שענערע מצבה, ווי די-דאָ, וועלכע מיר אַלע שטעלן אַ יידישן קינסטלער, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אַלס ייד און קינסטלער, אין פאַרב און ליים?

וואָס פאַר א ווייטער מהלך עס איז צווישן ריבאַקן דעם מענטש, ווי מיר האָבן אים געקענט, און זיין מאָלעריי!

פיזיש איז ער קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער העלד. גיכער מאָגער ווי דיק. אַ שמאָל, לענגלעך פּנים און אַ שיין, פיין שמייכל ביי די זייטן פון די ליפּן. איין קליין שמייכעלע איז גענוג גרויס ביי אַ מענטשן צו באַגיסן מיט חן דאָס גאַנצע פּנים. קיין איין מענטש האָט ניט דעם זעלביקן שמייכל, ווי דער צווייטער. אַ שטילער און פּאַטאַלער אומעט איז תמיד געהאָנגען איבער ריבאַקן. דער אומעט פון אַ מענטשן, ווען ס'איז

באַשערט ניט אויסצולעבן זיינע יאָרן. אַזעלכע מענטשן וואָלטן אייגנטלעך געדאַרפט מאָלן אָדער גאָר אין אָר־מעטיקע און גרויע פאַרבן, אָדער אין האַלבע טענער. מצד אַזאַ שווייגער, ווי יששכר־בער ריבאַק, וואָלט מען געקענט דערוואַרטן אַ מאַלעריי מיט אומעט באַשפּריצט, מיט עצבות געמישט.

איז אָבער זיין מאַלעריי און שפּעטער זיין קליין־סקולפּטור דווקא געווען געשאַפן און אַרויסגעבראַכט מיט אַפּענער, ברייטער און ממש הילכיקער פריילעכקייט. אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן, סיי מאַלעריי, סיי קעראַמיק, אַלץ האָט געצאַפּלט פאַר פריילעכקייט, פאַר הומאָר, פאַר לעבנס־לוסט און לעבנס־באַגער.

זיינע יידן, זיינע יידענעס, אַלע דאָס רוב ברייט־ביינערדיקע, געזונטע, פריילעכע מענטשן, מיט אַ ברייטער יידישלעכער זשעסטיקולאַציע. איז עס אַ מאַן — האָט ער אַ פיינע, ברייטע, ווי אַ פאַכער געעפנטע באָרד; אַ פרוי — איז זי אויך בכבודיק, אימפּאָזאַנט, ווי אַ קוואָקעדיקע הון, פאַרנעמט אַן אויבן־אָן מיט איר שיין אַלט־פרענקיש קלייד, מיט די העלע קווייטן, מיט די וואַרעמע פאַרבן פון פויערן־שאַל. און האָט ער אייך געוויזן אַן עוף, אַ האָן — איז עס הייס, קאָכעדיק, בריענדיק.

מערקווירדיק: וואָס פאַר אַ פריילעכע און לעבנסלוסטיקע מענטשן, חיות און עופות עס זיינען אַרויס פון פּענדזל פון דעם שטילן, אומעטיקלעכן ריבאַק, וואָס פאַר אַ פריידיקע, לוסטיקע גאַמע פון קאָלירן און פאַרבן, וואָס פאַר אַ געשמאַקער, קערנדיקער רויט, ווי דורכגעווייקט מיט זון!

ווי קומט צו אַזאַ שווערמוטיקן קינסטלער אַזעלכע לעבנס־צאַפּלדיקע שאַפונגען?

מיר באַגעגענען זיך אָפט מיט אַזעלכע פּאַראַדאָקסן. קינסטלער, וועלכע זעען אויס אומעטיק, שאַפן פריידיקע ווערק, און פאַרקערט — קינסטלער, וואָס זעען אויס פריילעך צו זיין, שאַפן ווערק מיט אומעט באַרעגנט. דער אמתער קינסטלער גיט אַרויס זיין פּערזענלעכקייט אין זיין ווערק. זיין פיזישע פּערזאָן איז ניט מער ווי אַ מאַסקע, אַ פאַרשטעלעניש. דער אמתער ריבאַק איז אין זיין ו ע ר ק, אין זיינע ש א פ ו נ ג ע ן. דאָרט דאַרף מען זוכן און געפינען דעם לוסטיקן און געזונטן ריבאַק.

און נאָך אַ זאַך.

ער, וועלכער האָט אַזוי ווייניק גערעדט, ער, וועלכער איז געווען אַזאַ קמצן אין ווערטער, האָט געשילדערט יידן און יידענעס, וואָס האַלטן דווקא אין איין ריידן.... מען „הערט“ זייערע דיבורים פון פאַרב אַרויס, מען הערט ממש, ווי זיי זינגען.

יששכר־בער ריבאַק האָט געוויס זיינע שאַפונגען ליבערשט געהאַט, ווי זיין אייגן צייטווייליק לעבן. דערפאַר האָט ער זיי אָנגעגאָסן מיט לעבנס־פרייד, ווי מען גיסט אָן אַ קרוג מיט וויין. דאָס, וואָס ער האָט ניט געהאַט אין לעבן, האָט ער געפּרוווט זיך אַליין געבן מיט אַ פולער מאָס אין זיינע ווערק. אין לעבן האָט ער קיין גליק ניט געהאַט — האָט ער זיך אָנגעגאָסן אַ כוסה מיט גליק אין זיינע שטראַלנדיקע פאַרבן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט ליכט און פרייד. דווקא יידן אויסגעקרימטע, מיט צעהרגעטע נעז, מיט הויקערדיקע רוקנס,

מיט צעפלאַשעטע קאַפּאָטעס, אָבער — צו להכעיס דער גאַנצער וועלט — וואָס פאַר אַ לעבנס־הומאָר זיי באַזיצן! זיי לעבן און האַדעווען זיך אויס אין דלות און אָרעמקייט — און וואָס פאַר אַ פיינער גלאַנץ אין די אויגן, וואָס פאַר אַ שטאָלץ אין בליק!

מיט זיין הויכער פאַנטאַזיע האָט ריבאַק געוואָלט באַצוקערן זיין אָרעם, עלנט לעבן פון אַ ניט־אויסגעלעבטן קינסטלער.....

וויל מען קענען דעם אמתן ריבאַק — דעם, וועלכער איז ניט געשטאָרבן, — דאַרף מען אים זוכן אויף די ווענט פון מוזייען, פון זאַמלער, פון פאַרערער און חסידים, און נאָך בעסער — אין פאָלקס־האַרץ. ווער עס גייט א ה י ן אריין, דער ווערט ניט פאַרגעסן.

# מאַרק שאַגאַל (פּאַריז)

ריבאַק איז געווען אַ מאָלער פון יענעם יונגן דור, וואָס האָט דערהערט די שטים ריכטיקער — דעם רוף אויפצולעבן די קונסט צווישן יידן. איך דערמאָן זיך אין אים און זיינע חברים, אין זייער ענטוזיאַזם, אין זייערע געדרוקטע שורות, אַגב אויך וועגן מיין קונסט, נאָך אין די יאָרן 1917 — 1918. איך, וואָס האָב געמיינט, אַז ס'וועט קיין אָפּקלאַנג קיינמאָל ניט קומען, בין געווען גערירט פון דער באַציונג און סימפּאַטיע מצד די יינגערע. זיי האָבן מיר מיך אַליין דערקלערט און פאַרטייטשט.

נאָר אָט איז געקומען די טראַגעדיע פונם נייעם יידישן דור — אין תוך אַ טייל פון דער טראַגעדיע, וואָס דער יונגער דור אין דער וועלט האָט איבערגעלעבט בכלל. און דאָס איז פאַר פילע אָפט געווען אַ שטער, אַז זייערע אָנשטרענגונגען זאָלן זיך אויסקריסטאַליזירן. דער געראַנגל איז געווען אַ טראַגישער, צומאָל אַ געראַנגל, וואָס גייט אַרויס אויסער די ראַמען פון ריינער קונסט.

איך וויל האָפן, אַז אין דער צוקונפט וועלן די קינסטלער האָבן די מעגלעכקייט אויסצופירן זייער קינסטלערישע מיסיע. ריבאַק איז צום גליק נאָך ביים לעבן געווען ארומגערינגלט מיט פריינט, און אויך נאָך זיין טויט — ניט ווי ס'איז געווען דער גורל פון אַנדערע יידישע קינסטלער, ווי פּאַסקין אָדער מאָדיליאַני — ווערט ער פאַרערט און געליבט.

שוועריקייטן אין קונסט? — אָבער די שוועריקייטן זיינען אַ גאַראַנטיע פאַר דעם, אַז דער קינסטלער וועט לייכט אַריבערגיין אין דער צוקונפט פונם אומגליקלעכן „מאָנפּאַרנאַס“ אויפן אמתן פּאַרנאַס.

די דאָזיקע שורות האָט מאַרק שאַגאַל צוגעשיקט דעם קאָמיטעט צום אָנדענק פון ריבאַקן, בתשובה אויף דער ווענדונג אַריינצושטערטן אַלס אַ מיטגליד. דערביי שרייבט ער: „אַריינגייז אין קאָמיטעט? ביי אונדז יידן זיינען אַזוי זעלטן קאָמיטעטן פאַר קינסטלער, אַפילו פאַר טויטע, אַז איך קען ניט ניט אַריין. דערהויפּט, אַז ווער ווייס? אפשר וועט דעם קאָמיטעט געלינגען, אַז לעבעדיקע זאָלן לעבן“...

דער ווייטער געדרוקטער אַרטיקל – די וועגן פון דער יידישער קונסט – איז אָנגעשריבן געוואָרן פון י. ב. ר י ב אַ ק ן, בשותפות מיטן קינסטלער ברוך אַראָנסאָן, און איז אַ מין אַני מאמין פון דער גרופּע יונגע קינסטלער אין קיעוו, וואָס ריבאַק איז געשטאַנען בראש פון איר. צום ערשטן מאָל ווערט דאָ געגעבן אין יידיש אַן אַנאַליז פונם מהות פון קונסט, פון איר עוואָלוציע און אירע ריכטונגען, באַזונדערס אין רוסלאַנד און פראַנקרייך, פון די נאַצי־אָנאַלע אויסדרוק־פאָרמען אין דער פּלאַסטיק און די מאָלערישע פּראָבלעמען, וואָס שטעלן זיך פאַרן יידישן קינסטלער.

דער אַרטיקל איז דערשינען אינם קיעווער זאַמלבוך „אויפגאַנג" אין 1919, בעת דער 22 יאָ־ריקער ריבאַק האָט ערשט געהאַלטן ביים אָנהויב פון זיין קינסטלערישער בליונג. אַן ענטו־זיאַסט פון דער דאַמאָלט ערשט אויפגעקומענער אַבסטראַקטער קונסט, האָט ער געפּרוווט אָנ־ווענדן אירע פּרינציפּן אויך אין דער ספערע פון יידישער פּלאַסטיק. מיר דרוקן די וויכטיקסטע טיילן פונם דאָזיקן זייער אינטערעסאַנטן און כאַראַקטעריסטישן אַרטיקל.

## די וועגן פון דער יידישער מאָלעריי

וואָס איז די אמתע אויפגאַבע פון קונסט? — צו אַנטפּלעקן אין מאָלעריי — מאָלערישקייט, אין פּאָעזיע — דאָס וואָרט, אין מוזיק — דעם קלאַנג, אין טעאַטער — די באַוועגונג. מען מוז זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר מאַכן, אַז ביי יעדן מין קונסט האָבן מיר צו טאָן מיט גאַנץ פאַרשיידענע אויפפאַסונגס-מאָמענטן. דער אויפפאַסונגס-מאָמענט ביי מאָלעריי רופט אַרויס ספּעציפישע דערקענונגס-פּראָצעסן, וואָס זיינען לחלוטין ניט ענלעך צו די זעלביקע פּראָצעסן ביי פּאָעזיע, מוזיק א. ד. גל. — פּראָצעסן, וואָס די הויפּטראָלע ביי זיי שפּילט ניט דער געדאַנק, ניט דער שכל, נאָר עפּעס גאָר אַנדערש, אַזוינס, וואָס צו דעם אַפּעלירט די טבע פון דער עכטער מאָלערישער קונסט.

איינזאָם איז דער יידישער קינסטלער. ביי אים באַמערקט מען גערן און מען שאַצט אָפּ געדאַנק, פאַנטאַזיע, אידעאָלאָגיע, געזעלשאַפטלעכע ווירקונג און עמאָציאָנעלע מאָמענטן. מען קלייבט זיך אָבער לחלוטין נישט פונאַנדער אין די ספּעציפיש-מאָלערישע דערגרייכונגען זיינע, מען פאַרזעט אינגאַנצן דעם וויכטיקסטן מאָמענט פון שאַפן — דעם קינסטלערס מייסטערשאַפט. מען פאַרגעסט אינגאַנצן, אַז מאָלעריי איז אוממעגלעך אָן אינערלעכער גאַנצקייט פון קאָמפּאָזיציע, אָן דער שטרענג דורכגעטראַכטער פאָרם, אָן דעם רייכן פלאַך, וואָס פון אים ווערט געבוירן אַ נייע, גרויסע וועלט — דאָס קונסט-בילד.

צום קונסט-בילד פלעגט מען צוגיין, און מען גייט אויך איצט צו, אויף פאַרשיידנסטע אופנים. איין זייט נאָר איז געבליבן אין שאָטן — יענע זייט, אין וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך די גאַנצע טיפקייט פונם בילד, זיין תמצית, זיין רייכקייט און זיין אמת — דאָס, פאַרוואָס דאָס בילד איז אַ בילד און ניט קיין דרשה, ניט קיין פילאָסאָפישער טראַקטאַט אָדער ליטעראַטור. אויבנאויפיקע צוקוקער פאַרגעסן תמיד דאָס וויכטיקסטע: אַז פאַרן קינסטלער איז דער עיקר די קאָמפּליצירטע קאָמפּאָזיציע — און ניט דער רעיון, די טיפקייט פון טאָן — און ניט די רעאַליסטישע דערקלערונג פון אָביעקט. אין אַ בילד טאָר מען קיינמאָל ניט צונויפמישן די באַגריפן פון פאָרם און אינהאַלט. דאָס זיינען צוויי אינגאַנצן היפּוכדיקע עלעמענטן. אויף וויפיל דאָס ערשטע איז

וויכטיק און נויטיק, איז דאָס צווייטע גראָד ניט וויכטיק און אַפילו שעדלעך. ניט דער סיוזשעט, ווי ערנסט ער זאָל ניט זיין פאַרטראַכט פונם קינסטלער און ווי טיף ער זאָל ניט ווירקן אויפן סענטימענטאַלן צוקוקער, איז דאָס ווערטפולע און אייביקע אינם קונסט-בילד. אָן דער פאָרם איז דאָס בילד ניט מער, ווי אַ פשוטער לייוונט, וויל מען געניסן פון בילדער, און נאָך מער — אורטיילן וועגן זיי, מוז מען זיך איינלעבן מיט דער דאַזיקער אַקסיאָמע. אָן דעם וועלן מיר קיינמאָל ניט באַגרייפן דעם אמתן ווערט פונם קונסטווערק, וואָס געפינט זיך פאַר אונדז, אַלץ איינס, צי איז דאָס שאַגאַל, אָדער אַ יאַפּאַנישע גראַווירע, רעמבראַנדט אָדער אַ יידישער פרימיטיוו. כדי אריינצודרינגען אין דעם עצם מהות פון מאָלעריי, מוז מען האָבן די קולטור פון אויג, מוז מען קענען ק ו ק ן אויפן בילד, נאָר קוקן. מען מוז קענען אָפּוואַרפן אַלץ, וואָס איז ניט עכט, ניט נויטיק געקינצלט. פונקט ווי דאָס בילד פאָדערט פונם קינסטלער, אַז ער זאָל זיך צו דעם באַציען, ווי צו אַ דערהויבענער עבודה, אַז ער זאָל פונאַנדערוויקלען זיינע גייסטיקע כוחות אין פּראָצעס פון שאַפן, אַזוי פאָדערט עס אויך מצד דעם צוקוקער אַ גרויסע גייסטיקע אָנשטרענגונג, — אַז ער זאָל זיך באמת דורכדרינגען מיטן בילד. דער סוד פון באַנעמען דאָס שיינע איז פונקט אַזאַ סוד, ווי דאָס שאַפן גופא, און ווי פאַרשיידן עס זאָלן ניט זיין די אויגן פון יעדן באַזונדערן באַטראַכטער, דער פּראָצעס אָבער פון באַנעמען בלייבט דער זעלביקער...

צוויי זיינען די וועגן: אָדער דער קינסטלער ווערט אינערלעך באַזיגט, גייט אויף קאָמפּראָמיסן, פּאַסט זיך צו און מאַכט ניט לעבעדיקע, ניט נויטיקע, געקינצלטע זאַכן, הרגעט אין זיך אָוועק דאָס אָרגאַניש-מאַלערישע, אָדער — דער קינסטלער-מאָלער באַקומט די העכסטע באַפרידיקונג, די העכסטע פרייד פונם זייגער און שאַפט לעבעדיקע, עכטע און נייע קונסטווערק. אָט אַזאַ אויפפאַסונגס-פּראָצעס דאַרף זיך אָפּשפּילן אויך ביים צוקוקער אינם פּראָצעס פון באַנעמען די מאָלעריי. דעם צוקוקער וואָלט זיך אפשר וועלן באַקומען אַ דערקלערונג וועגן דעם זינען פון דער נייער קונסט. אָבער דאָס אמתע פאַרשטיין פון אַן אמתדיק בילד הויבט זיך אָן ערשט דאָרט, וווּ עס ענדיקט זיך יעדע דערקלערונג. צי קען דען עמיצן אינטערעסירן די דערקלערונג וועגן דעם זינען פון מאָלערישע פאָרמען?... צי קען מען בכלל דערקלערן אַ בילד, וווּ אין דעם פשוטן אויסוואַל פון פאַרבן, אין דער קאָמבינאַציע פון פאָרמען, אין זייער גלייכגעוויכט און וויבראַציע זייענען אָפּטמאָל דורכגעפלאָכטן און פאַרבאָרגן די וויכטיקסטע צענטראַלע שאַפונגס-מאָמענטן, וואָס לאָזן זיך ניט איבערגעבן מיט קיין שום דערקלערונגען?

דער קינסטלער קען נאָר אָנמערקן די אַלגעמיינע ליניע פון זיינע כוונות, באַקענען מיט זיינע סימפּאַטיעס און נייגונגען. ער קען נאָר דורך דעם אָביעקטיוון אַנאַליז פון פאַרבן און פאָרם אויפדעקן דאָס, וואָס איז באַהאַלטן הינטער זיין בילד.

מען קען פאַרשיידן אָפּשאַצן די מעלות און חסרונות פון מייסטער, ווייל יעדער צושויער גייט צו צום קינסטלער אויף אַן אַנדער אופן. דער כוח פון דער ווירקונג פון אַ בילד איז דעריבער ניט קיין אַבסאָלוטע

גרויס, אָבער די וועגן, וואָס פירן צו דער קונסט, זיינען איינע פאַר אַלע זעענדיקע. אונדזער עולם דאַרף ערשט אָנהויבן זען.

די אויפגאַבע פון דער קונסט — צו אַנטפּלעקן די פּלאַסטישע פאָרמען — איז אַן אַלגעמיינע און אינטערנאַציאָנאַלע. נאָר פאַרקערפּערט ווערן די דאָזיקע פאָרמען ביי פאַרשיידענע פעלקער אויף פאַרשיידענע אופנים. ווייל קונסט דריקט אויס די קולטור, וואָס איז תמיד נאַציאָנאַל; אין דער קונסט פון יעדעם פאָלק באַזונדער קומט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן צום אויסדרוק דער נאַציאָנאַלער גניוס. די אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבע פון די פאָרמען פון קונסט איז גילטיק פאַר אַלע אמתע קינסטלער, נאָר די אופנים, אין וועלכע די פאָרמען ווערן פאַרקערפּערט, זיינען תמיד נאַציאָנאַל.

ביי די אוראַלטע עגיפּטער און ביי די גריכן איז געווען איין אויפגאַבע, איין שטרעבונג: צו פאַרקערפּערן זייערע לעבנס-עמאָציעס אין דער עכטער פאָרם פון פּלאַסטישן מאַטעריאַל. צוליב דעם פאַרשיידנאַרטיקן געבוי פון דער קאָנסטרוקציע פון די דאָזיקע פעלקער זיינען די פאָרמען פון פאַרקערפּערונג ביי זיי געווען ווייט ניט די זעלביקע.

די עגיפּטער האָבן באַשאַפן עכטע, אמתע פּלאַסטישע מאָנומענטן, וואָס נאָך עד היום רופן זיי אַרויס די גרעסטע אַנטציקונג. ביי זיי איז דער געפיל פון אומפאַנג פון דער סקולפּטור-מאַסע געקומען צום העכסטן אויסדרוק, און אין דעם פּרט האָבן זיי נאָכפאָלגערס אויך צווישן די גרויסע מייסטערס פון אונדזער צייט. די עגיפּטער האָבן אין פּלאַסטישע פאָרמען געפונען דעם אויסדרוק פאַר זייערע נאַציאָנאַל-רעליגיעזע און שטייגער-עמאָציעס. עס איז דאָך ניט קיין צופאַל, וואָס די ליבלינגס-טעמע פון די עגיפּטישע סקולפּטאָרן איז געווען די אויפגאַבע פון דער מאָנומענטאַלער סקולפּטור, וואָס איז אַרומגערינגלט פון ליכט, הימל און מדבר. און ס'איז ניט קיין וווּנדער, וואָס דער פאָרטרעט פאַרנעמט ביי זיי דעם קלענסטן אָרט, ווייל דער אינדיווידועל-פאָרגעשטעלטער פּנים קען ניט אויסהאַלטן דעם דרוק פון לופט, אַטמאָספער און רוים. די דאָזיקע באמת טיף-פּלאַסטישע אויפגאַבן, וואָס אין זיי אַנטפּלעקט זיך דער עצם פון סקולפּטור, איר ערשטער מקור און איר פאַרענדיקונג, זיינען געבוירן געוואָרן אַדאַנק דער שעפערישער אויפפאַסונג פון די פאָרמען פון לעבן. דאָ האָט דער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער קולט פון די עגיפּטער באַקומען זיין גלענצנדן אויסדרוק אין דער פּלאַסטישער פאָרם. דער קולט פון געצנדינערײַ, פון גלויבן אין געטער האַלט ניט אויס קיין צימער-אַטמאָספער, קיין בודואַר-סביבה (וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קונסט פון אונדזער צייט). ער שטרעבט צום אומענדלעכן רוים, צו לופט, צום הימל. די גריכן האָבן די זעלביקע סקולפּטור-אויפגאַבן געלייזט אויף גאָר אַן אַנדער אופן. זיי האָבן דערביי אַרויסגערוקט גאָר אַנדערע פּרינציפּן. די גריכן גייען צו צו דער סקולפּטור ניט פון שטאַנדפּונקט פון דער ביזן סוף פאַראַלגעמיינערטער, אַבסטראַהירטער סקולפּטור-פאָרם; זיי באַאַר-

בעטן שוין גענוי די פּרטים. עס באַקומט שוין אַ גרויסע אָנווענדונג דער פּאָרטרעט. די סקולפּטור ווערט ראַפּי־נירטער, קלאַסישער, אַנאַטאָמיש־ריכטיקער, ווייל זי איז די פּלאַסטישע אָפּשפּיגלונג פון לעבן פון די גריכן און זייער שטייגער. דאָ שפּיגלט זיך אָפּ דער קולט פון מענטשלעכן קערפּער, וואָס איז, אין פאַרגלייך מיטן קולט פון די עגיפּטער, מער ראַפינירט, קולטורעלער, עסטעטישער. דערפאַר אָבער פאַרלירן שוין די גריכן די פּרימיטיווע, אוממיטלבאַרע אויפפאַסונג פון מאַטעריאַל.

אויך אין דער מאָלעריי געפינען מיר, ווי דער נאַציאָנאַלער „איך" האָט זיך אייגנאַרטיק אָפּגעשפּיגלט אינם שאַפן פון יאַפּאַן און פּערסיע, וואָס פירן אייגנטלעך אויס איינע און די זעלביקע פּלאַסטישע אויפגאַבע. יעדער פון די דאָזיקע פעלקער האָט אַנטפּלעקט אייגנטימלעכע אויפפאַסונגען און פאַרקערפּערונגען, וואָס דער שורש זייערער איז אַ טיף־נאַציאָנאַלער. עס וואָלט באמת געווען שווער זיך פאָרצושטעלן דעם תמצית פון דער יאַפּאַנישער קונסט, וואָס זאָל ניט זיין באַפאַרבט מיטן גייסט און מיטן געפיל פון די פאָלקס־מעשיות און פאָלקס־מסורות פון דער נאַציאָנאַלער רעליגיע, אין וועלכער עס האָט תמיד געלעבט אַ מעכטיקער גייס־טיקער כוח, וואָס האָט געגעבן דער קונסט איר ראַפינירטע איידלקייט און געניאַלע פּשטות און וואָס האָט גע־לערנט די יאַפּאַנער פילן, ווי עס שלאָגט דער פּולס פון זייער נאַציאָנאַלן לעבן. נאָך בולטער טרעט דער דאָזי־קער אמת אַרויס אין פּערסיע, וווּ די קונסט איז אויסדורך און דורך דורכגעדרונגען מיטן נאַציאָנאַלן מהות. די עקזאָטיק, די פאַרביקייט, פאַנטאַסטישקייט און יום־טובדיקייט — דאָס אַלץ, וואָס איז געווען אייגנטימלעך פאַר דעם זוניקן לאַנד פון פּערסיע, — האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין איר עקזאָטישער, פאַרביקער, פאַנ־טאַסטישער און יום־טובדיקער קונסט.

און ניט נאָר אין דער פאָלקס־קונסט שפּיגלט זיך אָפּ די נאַציאָנאַלע אויפפאַסונג. זי געפינט זיך אויך אין די ווערק פון די גרויסע אייראָפּעישע מייסטערס, וואָס זייערע מאָלעריי־שע פאָרמען שפּיגלען אין זיך אָפּ די נאַציאָנאַלע אַטמאָספער. דער שטורמישער, טעמפּעראַמענטפולער, תאווה־לוסטיקער ר ו ב ע נ ס — ער איז אַ קינד פון זיין פלאַנדריע. און ניט אומזיסט ציט אים צו גרויסע לייוונטן, — ניט אומזיסט מאָלט ער כדי צו באַפּוצן ווענט און אַלטאַרן. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס זיין גאַמע איז די צונויפפאָרונג פון שוואַרץ, רויט, געל; אין דעם דריקט זיך אויס די לעבנסלוסטיקייט און פאַרביקייט פון אמתן פלאַמאַנ־דער. קיינער האָט ניט געקענט קאָמפּאָנירן אַזוי אַ פּאָרטרעט אין דער קאָמפּאָזיציע פון פיר־עק, ווי דער גרויסער שפּאַניער ווע ל אַ ס ק ע ז; אין זיינע קאָמפּאָזיציעס שפּיגלט זיך אָפּ די שטרענקייט, אַסקעטישקייט און פאַנטאַסטישקייט, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּאַניע פון זיין צייט. ניט ווייניקער איבערצייגנ־דיק און טיף־נאַציאָנאַל איז די קונסט פון ה אָ ל ב יי ן און ד י ר ע ר, ביי וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך די טרונקייט און די פילאָסאָפישקייט פון די דייטשן, באַזונדערס אינם מקריב זיין די מאָלערישקייט צוליב דער צייכענונג. די פּראָבלעם פון שווינדלענדיקן ריטם און פון דער אומגעהויערער אינטענסיווקייט פון די פאַרבן

איז ניט צופעליק אַרויסגערוקט געוואָרן אין די ווערק פון פראַנצויז מ אַ ט י ס. דער פוטוריסט מ אַ ר י נ ע ט י איז אַן איטאַליענער, און ס'איז כלל ניט קיין צופאַל, וואָס די גאַנצע פוטוריסטישע ריכטונג איז געבוירן געוואָרן אין איטאַליע. דער פוטוריזם אין איטאַליע איז די לאָגישע רעאַקציע קעגן דאָס פאַרגליווערט-שטרענגע, קלאַסישע און גראָב-נאָכמאַכערישע אין דער קונסט, וואָס איז געווען באַזונדערס שטאַרק אין איטאַליע.

די אויסגערעכנטע שאַפונגען פון באַזונדערע פעלקער און קינסטלער זיינען קאָלאָסאַל דערמיט און דינען ווי אַ מוסטער פון דער אמתער „הויכער קונסט" דערפאַר, וואָס דער נאַציאָנאַלער עצם, די פאָרמען און עמאָציעס פון לעבן האָבן זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט ניט אויסערלעך, ניט פון דער געזעלשאַפטלעכער און אידעאָלאָגישער זייט, נאָר זיי זיינען טיף-אינערלעך איבערגעדיכטעט געוואָרן און האָבן באַקומען די פּלאַסטישע פאַרקערפּערונג דורך דעם מאַטעריאַל פונם פּלאַסטישן שאַפן.

בײ יידן האָט מען אַדאַנק די ספּעציפישע תנאים זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט אינדיווידועלן פּלאַסטישן שאַפן אַ סך שפּעטער, ווי ביי אַנדערע פעלקער. אינם קונסט-שאַפן פון יידישע קינסטלער האָבן פונדעסטוועגן זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע ריכטונגען און מינים פון דער קונסט, אַ חוץ אייניקע קליינע אויסנאַמען.

אין רוסלאַנד האָבן זיך די יידן-קינסטלער (ניט די יידישע קונסט, ווי אַן אייגנאַרטיקע פאָרם) באַוויזן גראָד אין יענער צייט, ווען די קונסט האָט איבערגעלעבט אַ ירידה. דאָס איז די צייט, ווען אין דער רוסישער מאָלעריי האָבן געהערשט די אַזוי גערופענע „פּערעדוויזשניקעס", וואָס האָבן געזוכט נאָר דעם אינהאַלט, די טענדענץ און דעם סיוזשעט, און ניט די פאָרם און האָבן מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף די „גראַציעזע שמאַטעס" פונם עסטעטישן אַקאַדעמיזם. פאַקטיש זיינען זיי געוואָרן אילוסטראַטאָרס פון לעבן און זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פונם פאָלקיסטישן גייסט, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דער רוסישער געזעלשאַפט. דער לייוונט און פאַרבן זיינען אין זייערע אויגן געווען ניט מער ווי מיטלען כדי אָפּצושפּיגלען דאָס לעבן אויף דעם פאַרשטענדלעכסטן אופן. זיי האָבן אָבער (מיט זייער רעאַליזם און נאַטוראַליזם) אָפּגעשפּיגלט בלויז די אויסערלעך-אַנעקדאָטישע זייט פון לעבן, ניט איבערגעדיכטעט זיינע אייגנטימלעכע פאָרמען.

די זעלביקע סטאַדיע האָבן דורכגעמאַכט אויך די יידישע קינסטלער אין רוסלאַנד, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס ביי די רוסישע „פּערעדוויזשניקעס" איז די נאַציאָנאַליסטישע טענדענץ געקומען פון דער ווירקונג פון די פאָלקיסטישע גרופּעס, בעת צווישן דער יידישער אינטעליגענץ האָט דעמאָלט געהערשט די קאָסמאָפּאָליטישע ריכטונג, וואָס האָט גערופן צו אַסימילאַציע, צו איינלעבן זיך אין דער פרעמדער, הערשנדיקער קולטור. דאָס איז געווען די צייט פון דער השכלה, ווען די אויפגעקלערטע יחידים פון יידישן פאָלק האָבן אַרונטערגע-

וואָרפן דעם יאָך פון אַ סך לאָו'ן, און צווישן זיי אויך דעם לאָו פון „לא תעשה לך פסל וכל תמונה“, און עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קינסטלער־יידן. אָבער די ווירקונג פון די רוסישע פּערעדוויזשניקעס, מיט זייער נאַציאָנאַליסטישן צוגאַנג צו דער קונסט, האָט גורם געווען דערצו, אַז די יידישע קינסטלער זאָלן גיין ניט אין די וועגן פון דער אַסימילאַטאָרישער יידישער אינטעליגענץ, נאָר זוכן נאַציאָנאַלע מאָטיוון פאַר זייער קונסט...

דער אָנגעזעענסטער און טיפּישער קינסטלער פון דעם מין איז געווען אַנטאָקאָלסקי, וואָס אין אים האָט די יידישע פּסיכישע סביבה זיך פאַראייניקט מיט דער רוסישער אָנפּירנדיקער אידייע, כדי אַרויסצוברענגען די געשטאַלט פון אַ קינסטלער־דענקער, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין צייט, פאַר זיין פאָלק און פאַר זיין לאַנד. אַנדערע יידן־קינסטלער אין רוסלאַנד האָבן זיך כמעט אַלע אָפּגעגעבן מיט מאָלן נאַטוראַליסטיש דעם יידישן שטייגער, ווי למשל, הירשנבערג און פּיליכאָווסקי; הירשנבערג האָט געהאַט פאָרגייער, ווי גאָטליב, מאָריץ אָפּענהיים, האָראָוויץ ביים אויסלענדישן יידנטום און אויך קויפמאַן אין גאַליציע. זיי האָבן געמאָלט די נאַטור „אַזוי ווי זי איז“, אַנשטאָט זי צו מאָלן אַזוי, ווי דער קינסטלער זעט זי און פילט. ביים דאָזיקן פּרינציפּ האָבן זיך געהאַלטן אויך די שפּעטערדיקע מאַרקאָוויטש, מינקאָווסקי, פּאַסטערנאַק און אַנדערע...

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס די רוסישע „פּערעדוויזשניקעס“, וועלכע האָבן זיך אַזוי פאַרטיפט אין שטודירן דעם נאַציאָנאַלן גייסט, זיינען פאַרבייגעגאַנגען און האָבן ניט באַמערקט די אמתע דערגרייכונגען פון זייער פאָלק אויפן געביט פון פאָרם. די אָפּגעשטאַנענע רוסישע קינסטלער האָבן אינגאַנצן ניט באַמערקט און איגנאָרירט די רוסישע איקאָנע, דאָס דאָזיקע עכטע פאָלקס־שאַפן, וואָס האָט געקענט דינען, ווי אַ מאַטעריאַל פאַר אַן אמתן קינסטלערישן רענעסאַנס. דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען אויך מיט די יידישע קינסטלער. יאָגנדיק זיך נאָך נאַציאָנאַלער קונסט, זיינען זיי געגאַנגען פאַרביי דעם יידישן פאָלקס־שאַפן (די געמעלן אויף פאַרשיידענע שול־און שטוב־כלים, מצבות א. ד. גל.), וווּ עס זיינען פאַרבאָרגן אומדערשעפּלעכע אוצרות פון ריטם און פאַרבן, וווּ עס זיינען צעוואָרפן פּערלען פון מאָלערישע פאָרמען, וווּ עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ זייער אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַל־עסטעטישע קולטור. די יידישע „פּערעדוויזשניקעס“ האָבן ניט שטודירט און זיך ניט אינטערעסירט מיטן אמתן יידישן סטיל, און זייערע כלומרשט־נאַציאָנאַלע ווערק האָבן דעריבער ניט קיין שום ווערט פון שטאַנדפּונקט פון אמתער נאַציאָנאַלער קונסט.

דער נאַטוראַליזם איז ביסלעכווייז אַראָפּ פון דער סצענע און געמאַכט אַן אָרט פאַר נייע ריכטונגען אין דער קונסט. עס איז אויפגעקומען דער אימפּרעסיאָניסטישער רעאַליזם, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, געפונען זיינע אָנהענגער אויך צווישן יידישע קינסטלער. נאָר פּונקט ווי זייערע נאַטוראַליסטישע פאָרגייער, האָבן אויך די יידישע אימפּרעסיאָניסטן ניט באַוויזן אַרויסצוברענגען דאָס נאַציאָנאַלע אין זייער שאַפן שוין דערפאַר אַליין, וואָס דעם אימפּרעסיאָניזם איז פרעמד די אויפפאַסונג פון פאָרם...

די יידן אימפּרעסיאָניסטן האָבן זייער ווייניק אייגנס אַריינגעבראַכט אין דעם צוגאַנג צו דער אימפּרעסיאָניסטישער טעכניק. ביי אייניקע פון זיי האָט זיך דאָס „נאַציאָנאַלע“ אויסגעדריקט גראָד אין דער באַזונדערער צופּאַסונגס-פּעיקייט פונם יידן, אַזוי, אַז דאָס אָרגאַניש-אייגנאַרטיקע ווערט ביי זיי אינגאַנצן פאַרווישט. זיי האָבן דערפאַר ניט באַוויזן אַרויסצוברענגען אין אַ פולער מאָס דאָס נאַציאָנאַלע אין זייער קונסט, ווייל ניט אינם אימפּרעסיאָניזם האָט מען געקענט אַנטפּלעקן די אייגנטימלעך-יידישע שטריכן פון אויפפאַסונג, און ווייל מען קען ניט ספּעציפיש אויסדריקן קיין אויסגעליענע פרעמדע פאָרם, וואָס שפּיגלט אָפּ פרעמדע עמאָציעס. קיין באַזונדער אייגנאַרטיקייט אין זייער אויפפאַסונג פון די פרעמדע פאָרמען האָבן זיי ניט אַרויסגעוויזן. די יידן פּיסאַראָ אין פראַנקרייך, לעוויטאַן, בראָדסקי, בראַז, אַניספעלד, באַקסט אין רוסלאַנד, לעסער אורי און מאַקס ליבערמאַן אין דייטשלאַנד, יוסף איזראַעלס אין האָלאַנד — ביי דאָס רוב אויסגערעכנטע קינסטלער האָט די פאָרם כלל וכלל ניט אָפּגעשפּיגלט זייער נאַציאָנאַלע אויפפאַסונג. אַ געוויסער אויסנאַם אין דעם פּרט זיינען אפשר איזראַעלס, לעוויטאַן און פּיסאַראָ; זיי זיינען גרויסע מייסטערס אין זייער שאַפן, האָבן זיי דעריבער אַריינגעטראָגן אַ געוויסע טעכנישע אייגנאַרטיקייט.

די קונסט, די ריינע פאָרם, איז תמיד אַבסטראַקט. דאָס נאַציאָנאַלע אין דער קונסט דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס די אַבסטראַקטע מאָלערישע געפילן אַנטפּלעקן זיך דורכן ספּעציפישן אויפפאַסונג-מאַטעריאַל. די קונסט, וואָס ווערט אויף אַזאַ אופן פאַרקערפּערט, שפּיגלט אין זיך אָפּ די נאַציאָנאַלע שטריכן, די נאַציאָנאַלע פאָרם.

אונדזער יידישע לעבעדיקע קונסט, וואָס האָט שוין איבערגעקאָכט די עלעמענטן פון מערב-אייראָפּעאישן שאַפן, געפינט זיך אינם לאַגער פון די „לינקע“. און דאָס איז ניט קיין צופאַל. די יידישע קינסטלער האָבן דערפילט זייער קרובהשאַפט מיט די מאָדערנע נאָוואַטאָרס, וואָס האָבן אַרויסגערוקט די פּרינציפּן פון אַבסטראַקטער מאָלעריי, ווייל נאָר אינם ריינעם אַבסטראַקטן שאַפן, וואָס איז פריי פון יעדן ליטעראַרישן צומיש, איז מעגלעך צו דערגרייכן די אַנטפּלעקונג פונם אייגענעם נאַציאָנאַלן געפיל פון פאָרם. די מאָדערנע קינסטלער דריקן אויס זייערע כוונות נאָר מיט די מיטלען פון ריינער מאָלערישקייט. צווישן זייער אייגענער אויפפאַסונג און דער אויפפאַסונג פונם צוקוקער דערלאָזן זיי ניט קיין שום פאַרמיטלער, אויסער די ליניעס, פאָרמען און פאַרבן. אַדאַנק די אייגנשאַפטן פון דער אַבסטראַקציע, וואָס ענטפערט תמיד נאָר אויף דער פראַגע, „ווי אַזוי“ דער קינסטלער האָט אויפגעפאַסט, האָבן פיל פון די מאָדערנע יידישע קינסטלער אַנטדעקט זייערע נאַציאָנאַלע שטריכן, אַפילו ווען זיי האָבן גאָר ניט געהאַט בדעה אַרויסצוגעפינען און אונטערשטרייכן זייער ספּעציפיש-נאַציאָנאַלע. וויפל דער קינסטלער זאָל ניט שטרעבן בכיוון צו זיין אינטערנאַציאָנאַל אין זיין

שאַפֿן, איז אויב נאָר ער באַהאַנדלט זיינע מאָלערישע געפילן אַבסטראַקט, וועלן די לעצטע זיין נאַציאָנאַל, ווייל די ספּעציפישע גייסטיקע קאָנסטרוקציע פונם קינסטלער וואַקסט תמיד אַרויס פון די אָנגעקליבענע עמאָציעס פון זיין סביבה....

די יידישע פאָלקס-קונסט באַווייזט צום בעסטן, אַז ביי יידן האָט תמיד געלעבט דער אָרגאַנישער מאָ־לערישער חוש. אָבער די פאַרקערפערונג פון די עכט-מאָלערישע פאָרמען האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן ערשט פאַר די לעצטע 60 יאָר, און די אָנגעקליבענע מאָלערישע ענערגיע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכ־קייט זיך אויסצודריקן אין פּלאַסטישע פאָרמען, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט בלויז אין דער וואָרט-פאָרם פון דער יידישער קולטור (ליטעראַטור). דאָס קינסטלערישע וואָרט, וואָס האָט פאַרקערפערט אין זיך די פּלאַסטישע אויפפאַסונג, האָט באַקומען אליין אַלע עלעמענטן פון פּלאַסטיק. פון דאַנען נעמט זיך די פּלאַסטישע בילדלעכ־קייט פון דער יידישער קולטור. ווען א יידישער קינסטלער וויל אָפּשפּיגלען זיין נאַציאָנאַלן מאַטעריאַל, מוז ער דעריבער איינזאַפּן אין זיך די קולטור-ווערטן פון זיין פאָלק.

אויפן וועג פון די עקסטרעמסטע דערגרייכונגען פון דער מערב-אייראָפּעאישער מאָלעריי, וואָס דער־גייט שוין ביז צו דער אַבסאָלוטער השתפכות, וואָס גרענעצט שוין אָפּטמאָל מיט ריין-טעכנישע עקספּערימענטן, איז דער יידישער קינסטלער, אדאנק זיין פרישקייט, זיין בולטער, פאַנאַטישער און נאַיווער אויפפאַסונגס־פעיקייט, אין דער פאַרקערפערונג פון זיין לעבעדיק-צאַפּלדיקן מאָלערישן געפיל דורך דעם נאַציאָנאַלן מאַ־טעריאַל — באַרופן צו מאַכן דעם אויספיר פון דער מאָדערנער מאָלעריי.

די מידע מערב-אייראָפּע, וואָס האָט אויסגענוצט שוין אַלע פאָרמען פון דער פּלאַסטישער מלאכה, וואָס האָט מקריב געווען אין נאָמען פון דער מלאכה דעם גאַנצן עקסטאַז פון די לעבנס-עמאָציעס, רופט די פרישע מאָלער, די יידישע קינסטלער, וועלכע זיינען אַזיאַטיש פאַרשיכורט פון פאָרם.

די יידישע פאָרם איז דאָ, זי דערוואַכט, זי לעבט אויף!




vendeur de fruits (*aquarelle*) Musée du Jeu de Paume, Paris.



porteur d'eau (*dessin*)




le marché du village

Coll. Mme R. Falk, Paris.



charrette russe

Musée du Jeu de Paume, Paris.



la fiancée

Coll. Léo L. Gildesgame, Londres.



le "schadchen" *(pointe sèche)* *A l'ombre du passé*, Paris, 1932.



musiciens du village *(pointe sèche)* *A l'ombre du passé*, Paris, 1932.



marchand de volaille *(pointe sèche)* *A l'ombre du passé*, Paris, 1932.



mendiant aveugle *(pointe sèche)* — *A l'ombre du passé*, Paris, 1932.




champ de blé

Coll. J. A. Meyerovitch. Paris.




tête de vieux rabbin

Coll. Mme R. Falk, Paris.



**marchand de volaille** *(céramique)*

Musée National de Sèvres.



le violoniste (*céramique*) Musée National de Sèvres.



**extase** *(céramique)* Musée National de Sèvres.

# אינהאַלט

## אַרטיקלען

## בילדער און צייכנונגען

1. דער אויבס-הענדלער (אקוואַרעל, מוזיי „זשע דע פּאָם", פּאַריז)
2. קאָמפּאָזיציע (1915)
3. ערב פּאַגראָם (אקוואַרעל)
4. פּאָגראָם (אקוואַרעל)
5. די שקלאָווער שול
6. די לעצטע שעה
7. די יידענע מיט דער ציג
8. די אַלטע שול (צייכענונג, פון דער סעריע „דאָס שטעטל")
9. דער וואסער-פירער (פון דער סעריע „דאָס שטעטל")
10. דער סאלאָן (פון דער סעריע „דאָס שטעטל")
11. די כלי-זמר (פון דער סעריע „דאָס שטעטל")
12. דעם קינסטלערס פרוי
13. דער מאַרק אין שטעטל
14. אין שטאָט אויפן יאריד
15. פערד אויף דער פריי
16. אן אייזל
17. א רוסיש מיידל
18. די יידישע כלה
19. א פרויען-בילד
20. ראָמאַנטישער פּאָרטרעט
21. דער שדכן (ראדירונג, פון דער סעריע „אין שאָטן פון פארגאנגענהייט")
22. די כלי-זמר (פון דער סעריע „אין שאָטן פון פארגאנגענהייט")
23. דער עופות-הענדלער (פון דער סעריע „אין שאָטן פון פארגאנגענהייט")
24. דער בלינדער בעטלער (פון דער סעריע „אין שאָטן פון פארגאנגענהייט")
25. לאנדשאפט אין דרום-פראַנקרייך
26. א קאָרן-פעלד
27. לירישער פּאָרטרעט
28. דער אלטער רב
29. דער עופות-הענדלער (קעראמיק, „מוזיי דע סעוור", פּאַריז)
30. דער פידלער (קעראמיק, „מוזיי דע סעוור")
31. א מחותנים-טאַנץ (קעראמיק, „מוזיי דע סעוור")
32. חסידישער עקסטאז (קעראמיק, „מוזיי דע סעוור").

דאָס בוך איז געזעצט אין
דרוקעריי „נייע פרעסע", פאריז.

געדרוקט אין דרוקעריי האראמבאַ

רעפּראָדוקציעס געמאַכט אין דער
פאַטאָטיפּיע א. דיוואַל.